פרייז 2 סענט

THE JEWISH LADIES HOME JOURNAL

אויסער ניו יארק 3 ס.

# די פרויען וועלט

א וועכענטליכער זשורנאל פאר דער אידישער היים און פאמיליע

ערשיינט יעדען פרייטאג

אפיס אדרעס: 129 לאפאיעט סטריט, ניו יארק. סירקוליישאן דעפארטמענט: 173 הענרי סטריט.

NEW YORK, FEBRUARY 22, 1914. Vol. II., No. 4. ניו יארק, 22טען פעברואר, 1914.

## נאבעלע ארבייט פון קאונסיל אוו דזשואיש ווימען

**אידישע טעכטער וועלכע האבען עס געמאכט פאר זייער אויפגאבע צו שיצען אידישע אימיגראנטקעס געגען שארלאטאנעס און שווינדלער. — רעטען הונדערטע מיידלעך פון שאנדע, שאפען זיי גוטע הייטען און בעסערע ווידזשעס.**

אין דעם מאנאט דזשולייי פאריגען זומער זיינען אין דעם פארט פון ניו־יארק אנגעקומען 2,200 אידישע מיידלעך, 1,746 פון זיי זיינען געקומען אהער אליין אהן די בעגלייטונג פון עלטערן, א טהייל זיינען געקומען צו פערוואנדטע און פריינד, אנדערע האבען קיינע פריינד אויך ניט געהאט. זיי זיינען איינפאך געקומען אליין זוכען זייער גליק אין די נייע לאנד.

שטעלט אייך פאר, מיידלעך פון קליינע שטעדטלעך, אזעלכע וואס האבען אין זייער לעבען ניט געזעהן א גרויסע שטאדט און זיינען אונבעקאנט מיט דעם פארמע לעבען און מיט די אלע געפאהרען פון דער גרויסער שטאדט, קומען צופאהרען אליין. מיידלעך צווישען דעם עלטער פון 14 און 30 יאהר, אזעלכע וואס האבען קיין טרייד אדער פראפעסיאן אין האנד, און וואס וויסען ניט וואס זיי וועלען טאן ווען זיי קומען אין אמעריקא. שטעלט אייך פאר זייער פערווירונג און שרעק ווען זיי קומען אין עלים איילענד ווען זיי דארפען דורכמאכען א שטרענגען פערהער, ווען זיי וויסען ניט וואו זיך צו ווענדען נאך זייערע פעקלעך ווען זיי האבען דעם פערהער דורכגעמאכט. שטעלט אייך ווייטער פאר אז אין א קורצע צייט ווערען זיי זעלבסטשטענדיג, ארבייטען און פערדינען, שפארען געלד, טהוען שדוכים און קומען צו א תכלית.

די ארבייט פון זארגען פאר דיעזען גרויסען צאהל אידישע טעכטער, אכטונג געבען אז זיי זאלען ניט אריינפאלען אין שלעכטע הענד און זאלען ניט רואינירט ווערען, אכטונג געבען די ערסטע צייט אויף זיי אז זיי זאלען ניט עקספלאטירט ווערען, ווערט אויסגעפיהרט פון אן ארגאניזאציאן וואס רופט זיך „קאונסיל אוו דזשואיש ווימען", א פעראיין פון אידישע פרויען. ווייניג מענשען האבען געהערט דעם נאמען פון דיעזען פעראיין, נאך וויניגער זיינען בעקאנט מיט די ארבייט וואס ווערט פון דיעזען פעראיין אויסגעפיהרט, און עס איז קיין וואונדער ניט וואס אזוי ווייניג מענשען וויסען דערפון, ווייל דיעזע גוטע ארבייט ווערט אויסגעפיהרט שטילערהייט אהן פויקען און טראמפייטען. דאס ווערט געטאן פון רייכע אידישע דאמען וואס האבען אין א צייט פון צעהן יאהר בעשאפען א גרויסע ארגאניזאציאן צו בעשיצען אידישע מיידלעך וואס קומען נאך אמעריקא, זיי בעשיצען פון דער צייט אן וואס זיי זעצען זיך אויף דער שיף ביז זיי זיינען זעלבסטשטענדיג און פערזארגט אז זיי האבען מעהר די שוץ און השגחה ניט נויטיג.

די קאונסיל אוו דזשואיש ווימען האט יעצט איהרע ברענטשעס און אגענטען אויך אין אנדערע פארטען פון די יונייטעד סטייטס. זי האט איהרע פערטרעטער אין די גרויסע שטעדט אין אייראפא. אזוי שנעל ווי די רוסישע מיידעל וואס פאהרט אליין דערגרייכט א פארט פון צווייטען זייט ים, ווי האמבורג, ראטערדאם, ברעמען, ליווערפול אדער סאוטהעמפטאן קומט זי אונטער די השגחה פון די אידישע דאמען. עס ווערט אויף איהר אכטונג געגעבען אז קיין בייז זאל איהר געשעהן. דאס איז יעצט אנערקענט אלס די גרעסטע ארגאניזאציאן אין דיעזע לאנד צו זארגען און אכטונג געבען אויף אימיגראנטען. די ארבייט איז גוט אנערקאנט געווארען פון די רעגיערונג און פון די בעאמטע ביי די פארטען.

די סיסטעמע וואס די קאונסיל אוו דזשואיש ווימען האט געשאפען איז דער רעזולטאט פון א לאנגען שטודיום ווענען דער זאך און פיעלע ערפאהרונג. ווי געזאגט האט די קאונסיל איהרע אגענטען אין אלע גרויסע שטערט פון אייראפא וואו אימיגראנטען פאהרען דורך און ביי די פארטען. בעפאר אן עלענדע מיידעל קומט אן אין ניו־יארק וויים די סאסייעטי דערפון דורך איהרע מענשען, אויסער וואס זי וויים עס אויך פון די ליסטען פון דער שיף. די אימיגראנטקעס ווערען בעגעגנט ביי די פארטען אין יוראפ פון די אגענטען פון די קאונסיל וואס זייינען אליין פרויען. זיי קלערען אויף די גרינע מיידעל וואס זי האט צו טאן. זיי זאגען איהר אן אז זי זאל זאגען דעם רייכעם אמת ווען זי קומט אן אין עלים איילענד, ווייל דאס איז דער איינציגער וועג זיך אויסצוהיטען פון טראבעל. אין דערזעלבער צייט ווארנען זיי איהר פון די געפאהרען וואס זי איז אונטערווארפען. זיי זאגען איהר אן זי זאל זיך היטען פון מענער וואס פערשפרעכען איהר גליקען, הויכע געהאלט פאר ווייניג ארבייט. זי זאל זיך היטען פאר די וואס שלאגען זיך פאר אלס חתנים. זיי גיבען איהר א ביכעל געשריבען אין איינינע שפראכען וואס זאגען די מיידעל אן ווי זי זאל זיך אויפפיהרען און פון וואס פאר געפאהרען זי האט זיך אויסצוהיטען.

ווען די שיף קומט אן אין ניויארק ווערען די מיידלעך בעגעגנט פון די אגענטען פון די סאסייטי וואס העלפען זיי ארויס אין זייער שוויריגקייט, מען העלפט אפזוכען די פריינד אויב זיי האבען פריינד. אין טויזענדער פעלע ווערט די קאונסיל גאראנטירען פאר די גוטע אויפפיהרונג פון די מיידלעד און די אימיגריישאן בעאמטע וועלען די מיידלעך איבערגעבען אונטער דעם שוץ פון דער סאסייעטי, און האלטען די סאסייעטי פעראנטווארטליך פאר זייער גוטער אויפפיהרונג. די אגענטען פון דער סאסייעטי וועלען דאן העלפען ארויסנעמען די זאכען פון דאס מיידעל און איהר אפפיהרען צו איהרע פריינד אויב זי האט פריינד. אויב ניט ווערען זיי גענומען אין אזעלכע ערטער וואס די סאסייעטי איז זיכער אז מיידלעך קאנען דארטען זיין.

די סאסייעטי האלט א רעקארד פון די אלע אנגעקומענע מיידלעך. די אגענטען פון דער סאסייעטי בעזוכען די מיידלעך, געפינען פאר זיי ארבייט, העלפען זיי מיט ראט און טהאט, שיקען זיי אין איווונינג סקול, גיבען אכטונג וואו זיי ארבייטען אז זיי זאלען ארענטליך בעהאנדעלט ווערען און אז מען זאל זיי ניט צאהלען אונטערן פרייז.

די הויפט זאך ווערט אבער גרוים השגחה געגעבען אויף דאס הויז וואו דאס מיידעל וואהנט. אט איז א מיידעל געקומען צו פריינד: זיי זיינען ארעם, וואהנען אין א פאר קליינע צימערען, האלטען א פאר בארדערס, די היים איז דורכאויס ניט אזוי גינסטיג פאר די מיידעל. די אגענטען פון די סאסייעטי וועלען אין אזא פאל די מיידעל צונעהמען און ברינגען אין א בעסערע הויז וואו איהר עהרע זאל זיין מעהר זיכער. אן אנדער פאל. די מיידעל געהט ארבייטען. דער באס זאגט אז א גרינע מעג זיך בענוגענען מיט העלפט געהאלט ווי עס קריגט פאר דער זעלבער ארבייט אן אויסגעגרינטע מיידעל. די סאסייעטי'ס אגענטען וועלען זיך אריינמישען און צווינגען דעם באס צו צאהלען דעם פולען פרייז.

עס פערשטעהט זיך אז די אגענטען פון דער סאסייעטי האבען קיין געזעצליכע מאכט צו צווינגען א מיידעל ניט צו וואהנען דא וואו עס איז ניט גוט פאר איהר צו וואהנען אדער אכטונג געבען אז זי זאל ניט אויסגענוצט ווערען. אזעלכע זאכען ווערען אויסגעפיהרט דורך פריינדליכע אונטערהאנדלונגען, מאנכע מאל דורך א דראהונג פון געהן אין קאורט אדער אנצייגען די פאלים. מעהרסטענס אבער פיהרט מען אלעס אויס דורך א פריינדליכע אונטערהאנדלונג.

די פיהרערין פון די קאונסיל אוו דזשואיש ווימען און דער לייטענדער גייסט איז מיס סיידי אמעריקאן, איינע פון די פעהיגסטע און העכסט ענערגישע אידישע פרויען אין די וואהלטהעטיגע ארבייט פון ניויארק. מיס סיידי אמעריקאן גיט פערזענליך אכטונג אויף אלעס און האט אלע שווערערע קייסעס אין איהרע אייגענע הענד.

צו דעם שרייבער פון דיעזע צייל ען האט מיס אמעריקאן געגעבען איינינע ביישפיעלע פון די ארבייט וואס די סאסייעטי האט אלע טאג פאר זיך. ערסט די וואך, האט מיס אמעריקאן דערציילט, איז אנגעקומען א מיידעל וואס האט געזאגט אז זי פארט צו אן אנקעל אויף די איסט סייד. די אגענטען פון דער סאסייעטי האבען געפונען אז דער אנקעל וואהנט אין צוויי קליינע רומקעס און האט נאך בארדערס דערצו. דער ארט פאר די גרינע צום שלאפען איז אין קיך אויף'ן טיש. ווי לאנג, גלויבט איהר, אין אזא צושטאנד קען דאס מיידעל בלייבען אין איהר טוגענד? מען האט איהר זאפארט גענומען פון דארטען צונעהמען. אבגעהאל

(שלוס אויף זייטע 9.)

# אונזערע 2 פרעמיומס פיר נייע סובסקרייבערס

צו דער ערשיינונג פון די „פרויען וועלט“ אלס א וועכענטליכער זשורנאל, וועלען מיר געבען אונזערע נייע סובסקרייבער 2 ווערטהפאללע פרעמיומס.

פרעמיום נומער 1




## א קיטשען סעט

וועלכער איז זעהר נויטהווענדיג אין יעדער קיטשען צוזאמען מיט א יאהר „פרויען וועלט“ צוגע־שיקט צו אייך אין הויז פיר א

**$1.25**

דער „קיטשען סעט“ אליין איז ווערטה די געלד. מיר גיבען עס נור פיר א קורצער צייט. בענוצט זיך מיט דער געלעגענהייט. און שיקט גלייך א דאלער מיט 25 סענט אין א מאני ארדער אדער סטעמפס און בעקומט דעם נוצ־ליכען פרעזענט.

## א קיטשען סעט

וועלכער איז זעהר נויטהווענדיג אין יעדער קיטשען צוזאמען מיט א יאהר „פרויען וועלט“ צוגע־שיקט צו אייך אין הויז פיר א

**$1.25**

דער „קיטשען סעט“ אליין איז ווערטה די געלד. מיר גיבען עס נור פיר א קורצער צייט. בענוצט זיך מיט דער געלעגענהייט. און שיקט גלייך א דאלער מיט 25 סענט אין א מאני ארדער אדער סטעמפס און בעקומט דעם נוצ־ליכען פרעזענט.

פרעמיום נומער 2.—4 ביכער, וועלכע האבען געמאכט א רושם אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט.

## פערליעבטע נשמות

פון מארסעל פרעווא.
איבערזעצט פון מ. לעווין.

## דיא סודות פון א יונגע ווייבעל

פון מארסעל פרעווא.
איבערזעצט פון מ. לעווין.

## דיא אונשולד

פון פאול מאנטעגאצא.
איבערזעצט פון מ. קאטץ.

## די קונסט צו ליעבען און געליעבט צו ווערען

פון פאול מאנטעגאצא.
איבערזעצט פון מ. קאטץ.

**$1.25** דיזע אינהאלטס רייכע פיער ביכער מיט א יאהר „פרויען וועלט“ צוגעשיקט צו אייך אין הויז פיר . . . . .

די ביכער אליין זיינען ווערטה די געלד. מיר גיבען עס פאר א קורצע צייט. זייט פון די ערשטע און שיקט ארייו אייער סובסקריפ־שאן. א מאני ארדער אדער סטעמפס:

**THE JEWISH LADIES HOME JOURNAL**

**129 Lafayette Street : : : : : : : New York, N. Y.**

פיר ניו יארק האבען מיר געעפענט א ספעשיאל פרעמיאום דעפארטמענט אין 173 הענרי סטריט.

# די מאכט פון פאַריז צו דיקטירען מאָדעס

אַן אינדוסטרי פון מיליאָנען דאָלאר איבער וועלכע די פראנצויזישע הויפּט־שטאָדט האָט אַ מאָנאָפּאָל צוליעב די פעהיגקייט פון די פראנצויזען צוצוטרעפען דעם געשמאק פון פרויען. — קליידער דריקען אויס דעם כאראקטער פון דער פרוי. — אַ שטודיום פון דער פרוי'ם נשמה.

אין א דאמען זשורנאל פאר דעם מאָנאט אָקטאָבער פון פערגאנגענעם יאָהר לעזען מיר אז „פאריז האָט שוין ארויסגעגעבען דעם בעפעהל וועלכע קליידער פרויען זאָלען טראָגען אין דעם יאָהר 1914". ווער איז עס אזוינס פאריז וואָס גיט ארויס אזעלכע בעפעהלען? וואָס פאר א רעכט אָדער מאכט האָט פאריז צו בעפעהלען פרויען וואָס פאר קליידער זיי זאָלען טראָגען? דאָס זיינען פראגען וואָס פרויען קימערן זיך ווייניג וועגען זיי. פרויען נעהמען אָן די בעפעהלע פון דער פאריזער מאָדע פאר גוטע געלד און פרעגען ניט איבער, א ברירה האָבען זיי?

די פראגען זיינען אָבער גאנץ ערנסטע. די מאכט פון פאריז צו דיקטירען די מאָדעס פאר פרויען האָט וויכטיגע גייסטיגע ווי פינאנציעלע פאָלגען.

בערעכענט נאָר דעם פינאנציעלען פאָרצוג וואָס פאריז האָט איבער אנדערע שטעדט, דורך דעם וואָס זי בעשאפט די מאָדעס ניט פאר פראנקרייך אליין, נאָר פאר דער גאנצער וועלט. לאָנדאָן, בערלין און ניו יאָרק זיינען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די אגענטען פאר פאריז.

פאריז האָט א גרויסע אנציהונג פאר רייזענדע פון אנדערע לענדער. מען קען אָבער גאנץ בעשטימט זאָגען אז דער מאגנעט וואָס פאריז האָט פאר די רייכע פרויען איז ניט די פאריזער מוזעאומס, די פאריזער טהעאטערס, נאָר די פאריזער מילינערס און קאָסטומערס, די וואָס שאפען די פעשאָנס פאר דער גאנצער וועלט. ווען דער פלאס ווענדאָם אָדער רו דע לא פייקס וואו די מאָדיסטען געפינען זיך וואָלטען דורך דער נאכט פערשוואונדען, וואָלט פאריז געגאנגען באנקראָט. שטעלט אייך ווידער פאר אז דער פאריזער צענטער פון מאָדעס וואָלט זיך צוליעב א געוויסע אורזאכע פערקליבען אין ניו יאָרק, וואָס פאר א שפרונג דאָס וואָלט געגעבען אין רענט אין דעם געגענד וואו די מאָדיסטען וואָלטען זיך בעזעצט. ווי פיעל ארבייט דאָס וואָלט בעזאָרגט פאר ארטיסטען, דרעסמייקערס, מילינערס און אנדערע. ניו יאָרק וואָלט צוגעקראָגען אן אינדוסטרי וואָס וואָלט געבראכט מיליאָנען א יאָהר. פאריז האָט יעצט דעם מאָנאָפּאָל אויף דעם.

פונקט אזוי וויכטיג איז דער גייסטיגער זייט דערפון. מיר הערען אָפט אז קליידער דארפען אויסדריקען די פערזענליכקייט פון די געוויסע פערזאָן וואָס טראָגט זיי. קליידער דריקען ווירקליך אויס איינערמאָסען די פערזענליכקייט פון דעם מאן אָדער די פרוי. נאָך די פאָרמע ווי די פרוי איז געקליידעט קאָנט איהר אורטהיילען וועגען איהר כאראקטער. דאָס איז אייגענטליך דער פרינציפּ אויף וועלכע פעשאָנס זיינען געשאפען, אז זיי זאָלען אויסדריקען געוואסע זייטען פון כאראקטער פון די פרוי. דאָס געשעהט אָבער בלויז אין טהעאָרי, אין פּראַקטיק קומט פאר א גאנץ אנדער זאך. דער כאראקטער וואָס ווערט אויסגעדריקט דורך די קליידער קומט פון דרויסען, דאָס שאפט אָפט דער פרוי א כאראקטער אָדער שטריכען פון א כאראקטער וואָס איז איהר פרעמד.

עס איז ניט נויטיג צו דערצעהלען פרויען די טהעאָריע פון הערמאן לאָטצע, אז די גאנצע שטעלונג פון פרויען צו אלע פראגען פון לעבען, ווערט שטארק בעאיינפלוסט פון די קליידער וואָס זיי טראָגען. פרויען ווייסען עס אליין. עס זיינען דאָ א סך מענער וואָס גלייבען אז פרויען האָבען זיך ליעב צו פוצען אום געפעהלען צו ווערען זיי, די מענער. דאָס איז דער גרעסטער טעות וואָס מענער האָבען ווען געמאכט. א פרוי האָט זיך ליעב פיין אנצוטאָן צוליעב דעם פערגעניגען וואָס זי אליין האָט פון פיינע קליידער. א פיינע קלייד מאכט אז די פרוי זאָל זיך פיהלען העכער, מעהר נאָבעל. דאָס גיט איהר א בעזאָנדערען פערגעניגען, גאנץ גלייך אויב די מענער וועט די קלייד געפעהלען אָדער ניט. עס איז זיכער אז די פיינע קלייד און פיינע הוט ווערט א טהייל פון דער פרוי אליין. די קלייד וואָס קומט פון פאריז וועט אָבער ניט אויסדריקען דעם אייגענעם כאראקטער פון די פרוי, נאָר פונקט פערקעהרט, דער כאראקטער פון די קלייד וועט זיך אויסדריקען אויף דער פרוי. די אידעען וואָס די קלייד דריקט אויס, זיינען אין דיעזען פאל ניט איהרע, נאָר פון א גרופּע מאָדיסטען אין דעזיינערס פון פאריז. די קלייד וועט אויסדריקען א גאנץ אנדער כאראקטער ווי די פרוי אליין בעזיצט. פיזיש קאָן זיך די קלייד גאנץ גוט צופאסען, דאָס בלייבט אָבער א גייסטיגער „מיספיט". דאָ געשעהט איינס פון די ביידע ; אָדער די פרוי בויגט זיך צום געוויסען קאַפּריז וואָס די קלייד דריקט אויס אָדער ניט, אויב זי בויגט זיך, ענדערט עס איהר כאראקטער אביסל צום גוטען, מעהר אָפט צום שלעכטען, אויב זי ענדערט ניט איהר כאראקטער דאן פאסט די קלייד ניט אויף איהר.

מיר קומען צוריק צו דער פראגע ווער האָט געגעבען פאריז די מאכט צו דיקטירען די גאנצע וועלט פרויען וואָס פאר קליידער זיי זאָלען טראָגען?

דער ענטפער דערצו איז דער נאַציאָנאַלער כאראקטער פון די פראנצויזען.. די פראנצויזען זיינען געבאָרענע קינסטלער, זיי האָבען א שארפען געשמאק פאר שעהנע קאָלירען. אלס צייכנער און דעזיינער האָבען ניט די פראנצויזען זייער גלייכען. די פראנצויזישע פרויען האָבען דעריבער אימער געוואוסט אויסצוקלייבען די בעסטע קאָלירען וואָס זאָלען זיך צופאסען צו זייערע האָר, צום קאָליר פון זייער געזיכט און פון זייערע אויגען. פון די אלטע צייטען אָן, זיינען פראנצויזישע פרויען, רייכע ווי אָרעמע, געוועזען בעסער געקליידעט ווי די פרויען פון אנדערע לענדער. מיר געפינען פון גאנץ אלטע צייטען אָן ווי פאריזער מאָדעס ווערען פערשפרייט ניט דורך פעשאָן פּלייטס נאָר דורך אויסגעפוצטע דאָלס, קוקלעס, וואָס זיינען אויסגעפוצט און אנגעטאָן פונקט נאָך דעם סטייל פון די גרויסע דאמען אין קעניגליכען הויף. דיעזע דאָלס פלעגען פערקויפט ווערען פאר גוטע פרייזעס אין לאָנדאָן, בערלין און אנדערע שטעדט. די דאָלס זיינען געווען אין יענע צייטען א גרויסע אינדוסטרי אין פאריז און זיינען אויך טהיילווייז געמאכט געוואָרען אין לאָנדאָן. די וואָס האָבען געלעזען „אור מיוטשועל פרענד" פון טשארלס דיקענס, וועלען זיך עראינערען אָן די קליינע קריפּל מיידעל, די דאָל מייקער, וואָס פלעגט זיך אריינגנב'ענען אין די לאָבים פון רייכע הייזער צו זעהן די פיינע קליידער פון די דאמען וואָס קומען אלס געסט און עס נאָכמאכען פאר איהרע דאָלס. די פעשאָן דאָלס האָבען געמוזט קומען פון פאריז ווייל דער געזעלשאפטליכער לעבען אין פאריז איז געווען מעהר ענטוויקעלט ווי אין אנדערע שטעדט. דער פראנצויזישער קעניגליכער הויף האָט איבערגעטראָפען אלע הויפען אין רייכטהום, לוקסוס אויך אין שעהנקייט. אין פאריז האָט אלזאָ די מאָדע אָנגעפאנגען פריער ווי אין אנדערע שטעדט און איז דאָרטען פיעל עלטער ווי אנדערשוואו.

אין פראנקרייך זיינען אויך געווען די מעטרעסעס, די ליעבהאָבערינס פון די קעניגע וואָס האָבען בעשאפען דעם פעשאָן אין קליידער פאר אנדערע פרויען. דיעזע געליעבטע פון די קעניגע האָבען געהאט א גרויסע מאכט. זיי האָבען געהאלטען אין זייערע הענד די מיניסטאָרען און סטייטסמען און אָפטמאָל אויך דעם פריעדען פון לאנד. זייער קראפט איז בעשטאנען אין זייער שעהנקייט און זייער אנציהונג. זיי האָבען געמוזט שאפען אלע טאָג נייע שעהנע קליידער אום אנציהאלטען זייער כשוף אויף די קעניגע. פאריז איז געווען די היים פון פוץ און פון לוקסוס.

אין די צייטען פון צווייטען נאַפּאָלעאָן ווען די באהנען האָבען געמאכט אז די גאנצע וועלט זאָל אנפאנגען רייזען, און אָפענבאך האָט געמאכט די גאנצע וועלט זאָל טאנצען דורך זיינע בעקאנטע פרעהליכע מיוזיק, דאן איז פאריז ווידער געוואָרען די היים פון לוקסוס און פון פיינע קליידער. די רייכע לייט פון דער גאנצער וועלט זיינען געקומען אין פאריז און די מאָדעס פון פאריז האָבען זיך פערשפרייט איבער דער וועלט. די מאָדיסטען, די מילינערס, האָבען נעטאָן אלעס וואָס זיי האָבען געקענט אנצוציהען די רייכע פרויען פון אלע לענדער דורך די פיינע קליידער וואָס זיי האָבען בעשאפען צו יעדען סיזאָן. ביז אהער זיינען געווען פרויען די דרעסמייקערס און מילינערס פון פאריז, אין די לעצטע יאָהרען פון די ממשלה פון צווייטען נאַפּאָלעאָן זיינען מענער אריינגעטראָטען אין די ביזנעס און האָבען עס ענטוויקעלט אין א קונסט. זיי האָבען דערפון געמאכט א ביזנעס וואָס ווערט נעשאצט אויף 150 מיליאָן דאָלאר א יאָהר.

ניט אלע גרויסע דרעסמייקערס פון פאריז זיינען פראנצויזען. עס זיינען דאָ צווישען זיי דייטשען און ענגלענדער, אויך איינינע אירען. גרויסע דרעסמייקערס פון אנדערע לענדער האלטען עס אלס דאָס העכסטע פון זייער גדולה אז זיי קאָנען זייער געשעפט אריבערפיהרען נאָך פאריז אָדער עפענען דאָרטען א ברענטש פון זייער ביזנעס. עס האָט נאָך אָבער ניט געטראָפען אז א פאריזער דרעסמייקער זאָל אוועקגעהן נאָך לאָנדאָן אָדער ניו יאָרק. די שאפונג פון די מאָדעס מוז זיין פאריז, די אטמאָספערע אליין פון פאריז איז דערצו ווי געטראָפען. פאריז איז די קוועלע פון קונסט, די לופט אליין איז פול דערמיט. דאָרטען זיינען דאָ די בעסטע ארטיסטען און דעזיינער וואָס שטעהען ביים האנד פון דרעסמייקער און העלפען איהם אין זיין ארבייט.

עס זיינען דאָ דריי קלאסען פרויען וואָס נעהמען איבער די ערסטע די נייע מאָדעס און פון זיי ווערט עס פערשפרייט צו די הויכע געזעלשאפט פון פאריז. די ערסטע זיינען די אקטריסעס. עס זיינען דאָ טהעאטער שטיק וואָס זיינען אליין גארנישט ווערטה אלס ווערק פון קונסט. זיי זיינען ניט מעהר ווי אן אויסשטעלונג פון שעהנע קליידער. די זעלבע אקטריסעס וועלען טראָגען די נייע מאָדען ווען זיי בעזוכען די פיינע רעסטאָראנען און די רייסעס. דאן קומט די צווייטע קלאס: די פאריזער דאמען פון די האלבע וועלט. אָט דיעזע פרויען פון צווייפעלהאפטען כאראקטער וואָס איהר געפינט ארום די רעסטאָראנען, טהעאטערס, רייסעס, אזעלכע וואָס האָבען קיין מאָל ניט א בעשטימטען צוועק אין זייער לעבען, אָבער גרייבען אימער אין אלע קרייזען פון קונסט און בילדונג. און ענדליך קומט די דריטע קלאסע: די מאָדעלס, א קלאסע שעהנע פרויען און מיידלעך וואָס ווערען איינפאך געצאָהלט דערפאר אז זיי זאָלען ארויסגעהן אין גאס אין די נייע מאָדעס. עס איז א גאנץ נאטירליכע זאך אין פאריז פאר א דאמע אָפּצושטעלען אין גאס אזא מאָדעל און איהר פרעגען צו וועלכען עסטאבלישמענט זי געהערט. יענע וועט איהר זאָגען, און די בעטרעפענדע פירמא וועט קריעגען דעם אָרדער.

ניט אלע נייע מאָדעס ווערען אנגענומען. פיעלע פאלען דורך דערפאר וואָס זיי

(שלוס אויף פיידזש 13.)

ז. וועגדראף

# דאס אייביגע געזעץ

(סקיצע)

עס איז געווען א מחיה'דיגער אסיען טאג.

נאך עטליכע קאלטע טעג האט די זון ווידער געוויזען זיך און געווארימט אזוי ליעבליך, אזוי מילד, ווי די רוהיגע ליעבע פון אן איבערגעגעבענע פרוי.

ווייסע פעדים האבען זיך געטראגען אין דער לופט — א סימן אויף שעהן וועטער — און די ביימער, כאטש שוין האלב נאקעט, האבען ארויסגעגעבען פון זיך א שטארקען ריח פון סכאלע און פייכטקייט, אזוי ווי זיי וואלטען וועלען בעווייזען, דאס זיי קלייבען זיך ניט אבשטארבען, נור איינשלאפען אויף עטליכע הדשים, ביז די יונגע וועסנע וועט ווידער קומען און אויפוועקען זיי מיט איהר ווארימען אטהעם...

דער עולם איפ'ן בולווארד האט אויסגעזעהען יום טוב'דיג. עלטערע מענשען זיינען געגאנגען מיט רוהיגע טריט איבער די אלעען, איינגעאטהעמט אין זיך די געשמאקע לופט, צופריעדען געשמייכעלט, גלאט אזוי, אין דער וועלט אריין...

האלב־בעקאנטע האבען זיך צוגעווארפען איינער דעם צווייטען א פריינדליך „גוט־מארגען"; יונגע חברה האבען זיך געיאגט איינער נאך דעם צווייטען, בעשאטען זיך מיט אראבגעפאלענע בלעטלאך, און פערהילכט דעם בולוואר מיט זייער געזונד, פרעהליך געלעכטער.

גור פרעהליבער, ווי אומעדום, איז, קענטיג, געווען אין דאס בעסערקעלע, וואו יוסף מיט זיינע חברים זיינען געזעסען.

פיניע, א ריהרעוודיג בחור'ל מיט ברענענדיגע אויגען, האט אויף א שארף קול געשריען:

— יוסף איז פערליעבט אין איהר, ווי איהר זעהט מיך א אידען, פערליעבט!

— פערליעבט? — פערליעבט איז נאר נישט! ער געהט אויס נאך איהר — מאכט א צווייטער שטארקער.

— ער קען שוין אהן איהר ניט לעבען — פערריכט א דריטער.

— זעהט נאר, ווי עס בלישצען ביי איהם די אויגלאך, ביי אונזער בתולה — נעהמט זיך פיניע ווייטער צו איהם.

— ווי עס פאסט זיך פאר א פאעט — גיבען אלע צו.

— נו, גענוג זאל אייך שוין זיין צו חכמה'נען זיך — פערליערט יוסף דעם געדולד — מי פרעגט דאך אייך, ווער איז דאס מיידעל, מיט וועלכער איהר האט מיר היינט בעקאנט געמאכט?

— וואס איז, זי געפעהלט דיר טאקי? — רייצט זיך חברה.

— דאס איז ניט אייער עסק! ענטפערט וואס מי פרעגט ביי אייך.

— ע, ביזט דו דאך אין כעס, וועט מען דיר טאקי ניט זאגען.

— ניין, טאקי, זאגט — בעט זיך יוסף.

— וואס הייסט ווער? דעם רב'ס טאכטער — ווארפט אריין פיניע.

חברה שיסט אויס א געלעכטער.

— באלוואן! — ווארפט ארויס יוסף.

— ער לאכט עס פון דיך — מאכט מיכל — זי איז גאר ר' נחמן פאדריאד־טשיק'ם אן אייניקעל.

— א ליגען! זי איז גאר א גראפינע — וויצעלט זיך איינער.

— א באראנעסע!

— א סוחר'טע!

— זי האנדעלט מיט פעל!...

און חברה קאטשעט זיך ווידער פון געלעכטער.

— המורים! גראבע יונגען! ברוד־נע נפשות! — קאכט זיך יוסף — אן אונשולדיג מיידעל האט איהר האטש גע־מעגט צורוה לאזען מיט אייערע פיילע וויצען.

— אן אונשולדיג מיידעל? כא־כא־כא! אוי, איך חלש... די ווייסט, ווער זי איז?

— נו, רייד שוין, גענוג שוין צו היר־זשען, ווי א פערד.

— ער האט דאך דיר געזאגט: זי האנדעלט מיט פעל...

— דייך דיבורים, אידיאט! פער־שטעהט יוסף אלין ניט.

— וואס הייסט ביי דיר דיבורים — זי איז אין א „הייזעל"...

— הא? ! וואו—וואס?

— דאס!...

— איהר לאכט עס — וויל יוסף ניט גלויבען.

— נא דיר איהר אדרעס — באפען זיך אלע אן.

— אבער אזוי שעהן, אזא יירדען, אזא האלטען זיך...

— אן אינטערעסאנטער טיפ, הא?

— מ'הו... יא...

— נעהם זי גאר פאר א סיוזשעט אין אן ערצעהלונג — עצה'ט זיך פיניע, און ווינקט מיט די אויגען.

— פאר וואס ניט א דראמא? — מאכט מיכל.

— דא איז א טראגעדיע... א פער־בארגענע טראגעדיע... — רעדט יוסף פער־טראכט.

— נו, איז דאך אודאי גוט — גיט מען איהם צו חשק.

— איך קען זיך דאך כמעט ניט... נור איינמאל געזעהן... רעדט יוסף פער־חלום'ט, און אין זיין רייכע פאנטאזיע שוועבט שוין ארום דאס רעטועלהאפטע מיידעל, און מאלט איהם איין בילד נאך דער צווייטער. און זיי אלע וויקלען זיך און וועבען זיך ארום איהר, די העלדען פון אן אונבעקאנטער, פרעמדער וועלט.

— געהט מען אריבער און מי בעקענט זיך נעהנטער גיבען איהם חברה אן עצה.

— וואס מיינט איהר? איך וועל טאקי געהן שטודירען דעם טיפ — דער־צעהלט זיי יוסף גאנץ רוהיג, ווי איינער, וועמענס געוויסען איז ריין.

— קיין עולה ניט — לאכען זייגע חברים, א מיאוסען געלעכטער.

און ער איז געגאנגען.

ווען ער איז דאס ערשטע מאל אהין געקומען, איז זי אזוי געווען בעשעפטיגט מיט „איהרע" געסט, אז זי האט מיט איהם קוים עטליכע ווערטער געוועדט. איהר נא־מען אפילו האט ער ביי איהר ניט געקענט דערגעהן. און ווען זי האט דערהערט, אז ער איז געקומען „גלאט אזוי" שמועסען, האט זי מיט א געלעכטער א זאג געטאן:

— איהר זייט א שעהן אינגעל, אבער נישטא קיין צייט צו ריידען מיט אייך... אן אנדערש מאל קומט, ביי טאג, אדער פאר־נאכט.

און זי איז פערשוואונדען.

דאס צווייטע מאל איז ער געגאנגען אין א רעגענדיגען פאר נאכט, ווען, ער האט געקלערט, דארט וועט קיינער ניט זיין.

א רויט־האריגער חברה־מאן מיט א געשוואלען פנים האט געעפענט די טיר, און א ווינק געבענדיג דאס לינק אייגעל, האט ער מיט א פער'שיכור'ט־הייזעריג קול א זאג געטאן:

— א פריהדיג גאסט, כ'לעבען... נור ס'מאכט ניט אויס, וועסט אפווארטען א ווייל'ע אין זאל, די מיידלעך וועלען באלד ארונטערקומען...

יוסף איז אריין אין האלב־פינסטערען זאאל, און נישט בעמערקענדיג קיינעם, איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער, און גענומען ארויסקוקען אין דרויסען.

דרויסען האט דער אסיען רעגט צו־שפיעלט זיך: ס'איז ניט געווען צו זעהן, צי גיסט עס פון די וואלקענס, אדער עס שפריצט פון דער ערד. צייטענווייז פלעגט [illegible] רעגען ווארפען זיך מיט כעס און שמייסען איבער די שויבען, אזוי ווי ער וואלט געוואלט אויסטייטשען ווי גוט עס איז צו זיצען אין א ווארימער און טרו־קענער שטוב. וואסער־בלעזלאך זיינען געשאפען געווארען, געשוואומען א ווייל'ע און געפלאצט אויף דער מוטנער רעגען־לוזשע, אונטער'ן פענסטער...

א היבש ווייל'ע האט ער אויף דער אור־מעדיגער אסיען־בילד געקוקט און האט כמעט פערגעסען וואו ער איז און נאך וואס ער איז געקומען. שטיל איז געווען אין זאאל, ער האט זיך דא אליין געפיהלט און זיינע געדאנקען האבען אוועקגעוואנ־דערט ווייט פון דאס „הייזעל", העט אין עולם־התוהו אריין.

„הפנים, אז די וועלט האלט נאך אין בעשאפען ווערען" — האט ער געטראכט — „עס זעהט אויס, ווי די וואסערען וואל־טען נאך ניט געווען אבגעטהיילט פון דער יבשה, די ליכטיגקייט — פון דער פינס־טערניס, און...

אן איינצעלנער, טרויעריג אקארד האט מיט אמאל אבגעקלונגען איבער'ן זאאל און אבשלאגענדיג זיך אן דער ניד־ריגער סטעליע, האט ער זיך צישאטען אין צובראכענע אבקלאנגען און איז פער־שוואונדען...

ער האט א ציטער געטהאן און אומ־געקוקט זיך.

ס'איז שוין געווען פינסטערלאך. שווארצע שאטענס האבען זיך געלייגט אין די ווינקלען פון'ם גרויסען זאאל און הא־בען פערוויקעלט אין א דונקעלהייט די וויניגע מעבעל, וואס איז דארט געשטא־נען... די פיאנא נור האט ארויסגעשיינט מיט איהר דונקעלען גלאנץ פון דער פינס־טער און די גרויסע שפיגעל האט זיך אב־געטהיילט, ווי א טיים פלעק פון דער וואנד.

ערשט, ווען זיינע אויגען זיינען מעהר צו דער דונקעלהייט צוגעוואהנט געווארען, האט ער ביי'ן פיאנא א פרויענגעשטאלט דערזעהן, און ער האט מעהר געפיהלט, ווי געזעהען, אז דאס איז זי, זיין אינטערע־סאנטער טיפ.

זי איז געזעסען פערלייגט א פוס אויף א פוס; דער קאפ אנגעשפארט אויף דער לינקער האנד; די רעכטע האנד האט לויז געריהט אויף די ביינדלעך פון דער פיא־נא, און איהרע מחשבות זיינען קענטיג גע־ווען ערגעץ ווייט, ווייט פון דאנען.

איהר בלייך פנים, ארומגענומען מיט א ראם שווארצע האר, איז דייטליך ארויס־געטראטען פון דער דונקעלהייט; איהרע אויגען — אויך שווארץ אין דער פינסטער — האבען פער'חלום'ט געקוקט אין איין פינטעל, און האבען, רוכט זיך, גאר נישט געזעהען.

ער איז צוגעגאנגען, נאהענט צו איהר און האט שטיל געזאגט:

— אה, איהר זייט דא? גוט'ן אבענד.

— גוטען אבענד, איהר זייט ווידער דא? עפעס אזוי פריה היינט... ווילט איהר שוין ארויף איבען?...

— ע... ניין... איך בין געקומען אזוי.. שמועסען א ביסעל...

— שמועסען? מ'הו... א מאדנער מענש... הפנים נאך גאר א גרין אונגער־קעלע.

— צו וואס שפאס מאכען?... לאמיר אביסעלע ריידען ערנסט...

און ניט וויסענדיג, ווי אנצוהויבען א שמועס, האט ער מיט א מאל א פרעג גע־טהאן: — ווי רופט מען אייך?

מיט פער'חלום'טע אויגען האט זי א קוק געטהאן פארביי איהם, און אנשטאט אן ענטפער, האט זי צוגעדריקט מיט איין פינגער א ביינדעל פון דער פיאנא, און א באסאווער וויינענדיג קלאנג האט זיך, ווי א קרעכץ, ווידער צוגאסען איבער'ן זאאל און איז ציטעריג לאנגזאם געשטארבען...

עפעס אן אומעט האט זיך פערקליבען אין זיין נשמה אריין: א מין רחמנות צו איהר און אפילו צו זיך אליין, האט דער יאמערדיגע קלאנג ערוועקט אין זיין הארץ.

ער איז צוגעגאנגען גאר נאהענט צו איהר, האט ארויפגעלייגט איין האנד אויפ'ן דעקעל פון דער פיאנא, די צווייטע — אויפ'ן ווענטעל פון איהר שטול און אנבויגענדיג זיך צו איהר, האט ער מיט א ווייך־ציטריג קול נאך א מאל געפרעגט:

— ניין, זאגט טאקי, וואס איז אייער נאמען?...

זי האט אויף איהם א קוק געטאן האלב פערוואונדערט, און האט מיט א פראגע געענטפערט:

— וואס ווילט איהר אייגענטליך האבען? נאך וואס זייט איהר געקומען?

— ע... מיך אינטערעסירט א פראגע... איך...

— האט קיין מורא ניט, איך בין גע־זונד... און שעהן אויך. אט וועל איך אנ־צינדען פייער, וועט איהר זעהן...

— ניין, ניין — האט ער זי אבגע־שטעלט — מי דארף ניט, אזוי איז בעסער צו ריידען...

— איך ווייס אלץ ניט, וואס איהר ווילט דא האבען?

— איך... איך שרייב... איהר פער־שטעהט?... עס אינטערעסירט מיך די לאגע... איך צווינג אייך ניט... פער־קעהרט... איך רעספעקטיר... נור ע...

זיין קול איז געווען אזוי ציטריג־ווייך, אזוי פיעל גוטסקייט און אונבעקאנטער רעספעקט צו איהר איז אין איהם געלעגען, דאס איהר הארץ איז ניט ווילענדיג גע־ריהרט געווארען, און זי האט ווייך־בע־טענדיג געפרעגט:

— איז וואס־זשע ווילט איהר פון מיר, מיין טהייער אינגעלע?

און גראד איצט, ווען ער האט געזע־העז אז זי איז נעהנטער געווארען, און מי קען מיט איהר ריידען — זיינען איהם קיין ווערטער ניט געקומען אויפ'ן צונג, און ער האט זיך ווידער אנגעכאפט אן דער אל־טער פראגע:

— ווי רופט מען אייך?

עפעס האט זיך איהם געדוכט, אז ווען ער וועט וויסען איהר נאמען, וועט זי אין גאנצען נאהענט ווערען צו איהם.

זי האט זיך אבגעווארפען צום ווענ־טעל פון שטוהל, און ריידענדיג מעהר צו

זיך אליין, ווי צו איהם, האט זי לאנגזאם געצויגען:

— מי רופט מיך ווי ווער עס וויל: יונגע, איידעלע אינגלאך, גרינע אונערקעלעך רופען מיך: „מיין טייבעלע", „מיין ליעבע", זאגער — „מיין מאדאנא"... מיטעל־יאהריגע, גראבע, ברוטאלע חברה־לייט רופען מיך: „צויבערין", „פייעריל", „קראסאוויצע". זיינען זיי שכור, רופען זיי מיך „פעל" אדער גאר „גנב'טע"... אלטע, אבגעלעבטע, סליונאווע פאסקודניאקעס רופען מיך: „פישעלע מיין", „מיין קליין מיידעלע", „מיין פיצעגאנציקעל" און נאך אזעלכע צוקערדיגע נעמען.. ווייסט דו שוין, ווי מי רופט מיך, מיין קאנאריק? — האט זי צו איהם שוואך געשמייכעלט.

— און איהר לאזט זיי בעליידיגען אייך?

זי האט א מארנעם שמייכעל געטהאן און געענטפערט:

— אונזער פראפעסיע איז אזא.

— צו וואס־זשע זייט איהר אין אזא פראפעסיע? — האט ער איהר בכון געשטעלט אן אונשולדיגע פראגע.

ער האט געווארט צו הערען א שרעקליכע דראמא פון אן אבגענארטע ליעבע, פון א צובראכען הארץ, פון א מרשעת א שטיף־מאמע, וועלכע האט זי ארויסגעטריבען פון שטוב אין א שטורעמדיגע ווינטער־נאכט, פון א מענשען־הענדלער, וועלכער האט זי פערנארט און פערקויפט צו שאנדע... נור אנשטאט שרעקליכע מעשיות האט ער דערהערט איהר רוהיג קול:

— מיט וואס איז אונזער פראפעסיע ערגער פון אנדערע פראפעסיעס?

איי, אויף אזוינס האט ער זיך ניט געריכט, און ער שטאמעלט:

— אבער פראסטיטוציע... פערקויפען זיך פאר געלט... די שאנדע...

— ע, וואס פלוידערט איהר דארטען?

— האט זי איהם איבערגעשלאגען מיט כעס — איז אין פאבריק, אין מאגאזין וויניגער פראסטיטוציע?

— פאראן עהרליכע — וויל ער איהר איינרעדען.

— מיאוסע, מיינט איהר...

— מי ערנידריגט זיי ניט.

— א טעות: זיי האבען וויניגער געלד, אבער מעהר ערנידריגונג.

—איז דא, הייסט עס, גוט? — וויל ער זי א שטאך טהאן.

— אזוי גוט ווי אויפ'ן פאבריק, אדער אין מאסטערסקאיא — ענטפערט זי פערביסען.

— אבער איהר געוואוינט זיך דא צו צום רויבערען, צום טרינקען — מאטערט ער זיך איהר אויפווייזען די שעדליכקייט פון איהר פראפעסיע.

— ס'איז ניט קיין מוז — גיט זי איהם צו פערשטעהן, — ס'רויבערען און טרינקען נור די, וועלכע שעהמען זיך מיט זייער פראפעסיע, וועלכע האלטען זיך פאר אונגליקליך און ווילען עס פערטויבען, פער'שיכור'ן — איך שעהם מיך דערמיט ניט, איך בין רוהיג...

— אבער איהר וועט אלט ווערען, מיאוס.

— ווי א מאגס א וויים — לאכט זי.

— איהר קענט קריגען די שווינדזוכט.

— ווי די מיידלאך אין די וועבערייען — ווארפט זי אריין.

— איהר וועט אויסגעמאטערט ווערען, מאגער, בלאס — נעהמט ער שטארקער...

— ווי אן ארבייטערין פון א גלאז־פאבריק — פערגלייכט זי.

— איהר קענט קראנק ווערען, צופוילט ווערען — שרייט ער פערצווייפעלט.

— און קריגען א פנים פון א מיידעל, וואס ארבייט א פאר יאהר אין א שוועבעלעך־פאבריק — ענדיגט זי.

— אבער די שלעכטס, וואס איהר ברענגט דער געזעלשאפט! — כאפט ער זיך אן דער לעצטער תרופה.

— איך זארג פאר דער געזעלשאפט, וויפיעל די געזעלשאפט פאר מיר.

— אבער בעדעכענט נאר, וואס איהר פערלירט — קינדער!... די הויפט־אויפגאבע פון דער פרוי אין דער נאטור... — האט ער זיך ערנסט אנגעכאפט אן ערגעץ אן אויסגעלערנטע פראזע.

איין מינוט איז שטיל געווען: באלד נאכדעם האט זיך א ביטערער זיפץ — כמעט א וויינענדיג קרעכץ — ארויסגעריסען פון איהר הארץ, און עס איז ווידער שטיל געווארען...

אזוי פיעל טרויער איז געלעגען אין איהרע אויגען, אזוי פיעל צובראכענקייט אין איהר אראבגעלאזענעם קאפ און איהר איינגעבויגען פיגור, אז איהם האט שוין כמעט פערדראסען וואס ער האט, קענטיג, אנגעריהרט א וואונד אין איהר הארצען. ער האט דערפיהלט צו איהר א רחמנות; האט געוואלט גלעטען איהר איבער די האר, טרויסטען זי ווי אן אייגען שוועסטער... ער האט זיך אנגעבויגען צו איהר, ווען זי האט זיך אהן ווערטער אויפגעהויבען, און האט גענומען ארויפגעהן אויף די טרעפ ארויף.

— וואוהין געהט איהר? — האט ער זי געפרעגט.

— קיין ענטפער.

— שטעהט, ווארט א ווייל, וואוהין געהט איהר אוועק? — איז ער איהר נאכגעגאנגען.

— אנטהאן זיך פאר'ן אבענד — האט זי געענטפערט, געהענדיג און ניט אומקעהרענדיג זיך צו איהם.

זי האט א שטארקען טרייסעל געטהאן מיט'ן קאפ, אזוי ווי זי וואלט געוואלט אראבווארפען פון זיך די ניט־געבעטענע מחשבות, און איז געשווינד ארויפגעלאפען אויבען.

— שטעהט נור, ווארט — איז ער איהר נאכגעגאנגען, שטארק פעראינטערעסירט מיט איהר.

———

די טהירען פון די חדרים'לאך, פון ביידע זייטען קארידאר זיינען געשטאנען אפען, און, ניט ווילענדיג, האט ער געזעהען, ווי די איבריגע מיידלאך גרייטען זיך צום אבענד.

אין איין קעמערל איז געשטאנען א דיקע פרוי, ביי וועלכע דאס פלייש איז געהאנגען איבער'ן קארסעט, און געפארבט די ליפען מיט א מין פאמאדע; אין א צווייטער קעמערל האט א האלב־נאקעטע מיידעל געפודערט די האלז, די אקסלען און די הענד; אין א דריטער — קאמט זיך איינע פאר'ן שפיגעל. דארט איז דאס לעצטע קאמעריל, זיצט נאך כמעט א קינד אין א קורץ קליידעל, און טהוט אן א פאר קליינע לאקיר־שיכלעך, און פון געגענאיבער הערט זיך א פליושקען פון וואסער און א מין פערדריש געלעכטער.

אלע גרייטען זיך.

ווען ער איז אין א פאר מינוט ארום צו איהר אין קעמעריל אריין, האט זיך איהם געדוכט, אז דאס איז גאר אן אנדערע. אן זייער שמועס האט זי, קענטיג, שוין אין גאנצען פערגעסען. עפעס איז זי אזוי אויפגעראמט... זי איז געשטאנען מיט'ן רוקען צו איהם, און האט געגאסען וואסער פון א קרוג אין א ווייסע שיסעל. אנגעגאסען די וואסער, האט זי גענומען פון וואש־טישעל א קליין פלעשעל, האט אריינגעגאסען אין'ם וואסער עטוואס שמעקעדיגעס, און, אומקעהרענדיג זיך מיט א מאל מיט'ן פנים צו איהם, האט זי א זאג געטהאן:

— נו, און איצט וועלען מיר זיך איינוואשען!

און אזוי ווי קיינער וואלט דערביי ניט געווען, האט זי שנעל אראבגעווארפען פון זיך איהר קאפאטע און געבליבען שטעהן אין א לייכט זיידען אונטער־קליידעל.

ער האט ניט געוואוסט, וואו די אויגען אהינצוטהאן פאר בושה, אבער ניט ווילענדיג האט ער געקוקט אויף איהר, און איצט, ביי דעם שיין פון דעם עלעקטרישען לעמפעל, האט ער ערשט געזעהען, ווי שעהן זי איז: דאס פנים ריין און נאך גאנץ פריש, די אברים געשניצט; די געדיכטע האר זיינען אין א שווערער משא געפאלען אויף איהר ווייסען האלז; איהרע נאקעטע הענד, איהרע אקסלען — אויסגעפיילט, קיילעכדיג און גלאט, ווי א שעהנער מארמאר; די אויבערשטע העלפט פון איהרע בריסט, וועלכע האבען ארויסגעקוקט פון דער ווייט־אויסגעבלייזטער העמד מיט שפיצען — האבען אויסגעזעהען, ווי פון עלעפאנט־ביין געטאקט, און האבען ביי איהם ארויסגערופען עפעס מאדנע געפיהלען, אין וועלכע ער האט זיך קיין רעכענונג ניט געקאנט אבגעבען: אי ער האט זיך געשעהמט, אי ס'האט איהם עפעס געצויגען צו איהר... ער האט ניט געוואוסט, וואוהין צו קוקען; איהם האט זיך געדוכט, אז דאס גאנצע קעמערל איז פול מיט איהר האלב־נאקעטען קערפער... ריידען האט ער אויך ניט געוואוסט וואס.

און זי האט געשוועבט איבער דאס קעמערעל, געכאפט דא א האנד־טוך, דא א שטיקעל זייף, דא א קעמעל, און געטראגען עס צום וואש־טיש.

ער איז איהר נאכגעגאנגען, געפלאנטערט זיך אונטער די פיס, און האט וואס ווייטער אלץ וויניגער געוואוסט, וואו ער זאל אהינטהאן זיינע אויגען, און וואס צו טהאן מיט זיינע הענד.

— וואס דרעהט איהר זיך דא ארום, בעל־מיסר מיינער? געהט אהיים, די מאמע וועט זיך בייזערען — האט זי זיך מיט א מאל קאקעטיש א דרעה געטהאן צו יוסף'ן.

— כ'וועל באלד געהן... אט באלד... איך געה שוין... א גוטע נאכט! און ער האט אויסגעצויגען צו איהר זיין האנד, קוקענדיג ערגעץ אן א זייט.

זי איז צוגעגאנגען הארט צו איהם, האט איהם דערלאנגט איהר האנד, און, בעווייזענדיג צוויי ציילען ציינער, ווי צוויי שנירלעך פערל, האט זי מיט א שעלמיש שמייכעל געזאגט:

— א גוט אינגעלע, געהט אהיים שלאפינקען...

און מיט א מאל האט פאסירט אזוינס, אין וואס ער האט שפעטער ניט געקענט קיין רעכנונג אבגעבען זיך.

אננעהמענדיג איהר האנד אין זיינע, דערפיהלענדיג די היץ פון איהר יונגען קערפער, דעם ריח פון איהרע שמעקענדיגע האר, האט ער אין גאנצען א ציטער געטהאן, ווי א פייער וואלט זיך איבער זיין גוף צוגאסען: די בלוט האט איהם אין קאפ א שפאר געטהאן, דאס הארץ האט זיך שטורעמדיג געהויבען, די קניע האבען געציטערט, און עס האט זיך איהם געדוכט, אז ער שוועבט ערגעץ הויך, הויך אין דער לופט, איבער א טיעפען תהום...

מיט א כח ניט נאך זיינע יונגע יאהרען, האט ער זי א שלעפ געטהאן צו זיך ארומגעכאפט זי, ווי מיט אייזערנע צוואנגען געדריקט זי, געקושט איהרע אויגען, די ליפען, די האר, איינגעפרעסען זיך אין איהרע אקסלען, אין איהר ברוסט און האט ווי א שיכור'ער געמורמעלט:

— מיין טייבעלע, מיין לעבען, מיין ריינע נשמה! מיין...

— אהא, ביזט דאך גאר א ווארים אינגעל — האט זי אונטערגעלאכט, און איהר קול האט געציטערט — נו, נו, גענוג זאל זיין, לאז.

— ניין, ניין, כ'וועל ניט לאזען — מיין גאלד! מיין נשמה! — האט ער זיך נאך מעהר צופלאקערט.

— אוי, דריק ניט אזוי... קינד איינער, ניט אזוי היים... די טהיר... ווארט... נו, קום שוין, מיין גרין, פריש אונגעריקעלע! — האט זי זיך אנגעצונדען פון זיין יונג פייער.

און זיי זיינען פערשמאלצען געווארען אין איין גוף...

# די צוקונפט פון דער היים

לויט מיין מיינונג איז פון דער העכסטער וויכטיגקייט צו בעטראכטען עטוואס גענויער דעם אלגעמיין־אנגענומענעם גלויבען, אז „דעם מאנס ע ר ש ט ע פליכט איז צו זיין פאמיליע“, און אז א פרוי האט איבערהויפט ניט קיין אנדערע.

וואס מיינען מיר מיט דעם ווארט „ערשטע“? מיינט עס די ערשטע אין צאהל? די ערשטע פון די פיעלע אנדערע פליכטען דעם מאן, אדער מיינען מיר מיט דעם ווארט „די ערשטע“, די־וויכטיגסטע? — אויב מיר מיינען די ערשטע אין צאהל, די ערשטע לויט דער ארדנונג, דאן איז די אלגעמיין־אנגענומענע מיינונג א גאנץ ריכטיגע. ווייל די פאמיליע איז דער בעסטער מיטעל, ווי ווייטער אנצוהאלטען אונזער מין, און די אויפהאלטונג פון דער ראסע איז די ערשטע פליכט, וועלכע קומט פאר דער פליכט פון זעלבסט־ערהאלטונג.

גלויבט קיינעם ניט, וועלכער וועט אייך אפשר וועלען איינרעדען, אז דער זעלבסט־ערהאלטונגס־טריעב איז דער ערשטער געזעץ פון דער נאטור. די נאטור וייס בעסער. די ערהאלטונג פון דער ראסע איז אזוי דורך־און־דורך דער ערשטער געזעץ פון דער נאטור, דאס זי אפפערט די איינצעלנע אין די מיליאנען, אום צו פערזיכערען די עקזיסטענץ פון דעם מין, אדער זאגאר איהם נור צו פערבעסערען. אויב מיר שטודירען די געזעצע פון דער נאטור מיט א גרויסען און אפענעם זין, זעהען מיר אין איהר פארקומען דריי גרויסע פראצעסען: די אויפהאלטונג פון דעם מין, די פארטפלאנצונג פון דעם מין און די פערבעסערונג פון דעם מין. און דער לעצטער איז עס, וואס איז די אורזאכע, וואס מיר מענשען זיינען דא אויף דער ערד און ניט בלויז איינפאכע אונענטוויקעלטע חיות.

ווען איהר מעסט די ריכטיגע ווערדע אין לעבענס, איז עס אימער די לעצטע און ניט די ערשטע, וואס ווערען אם מייסטען געשעצט. מיר זיינען געווען כמעט חיות, ווען מיר האבען אנגעפאנגען צו לעבען. פאר א לאנגע, לאנגע צייט זיינען מיר געווען ווילדע. פאר פונקט אזא לאנגע צייט זיינען מיר געווען קעמפפענדע בארבארען, און ענדליך, אין די לעצטע עטליכע יאהרהונדערטע, האבען מיר אנגעהויבען צו בעגרייפען און אנצונעהמען די ערשטע אנפענגע פון ציוויליזאציאן. און אזוי לאנג, ווי די געשיכטע איז, דאך געהט עס איצט אלס שנעלער און שנעלער. דאס, וואס האט א מאל גענומען צעהנדליגע טויזענדע פון יאהרען, ביז מיר האבען זיך אויסגעלערנט צו מאכען פייער אדער א וואגען, מאכען מיר איצט יעדען יאהר אלץ א ווייטערען שפרונג פארווערטס. די פאמיליע איז צו אונז געקומען פון זעהר אלטע צייטען. דאס איז געווען א טרעפעל, און א זעהר גוטער טרעפעל, אויף אונזער מארש צו ציוויליזאציאן. אבער דאס איז ניט דער שפיץ פון לייטער. איהר געפינט די פאמיליע אין איהר שטילער און אונפערוואלקאמטער הויכקייט אין די ערשטע בארבארישע צייטען; די גרויסע פאטריארכאלישע פאמיליע. איין מאן, אלס דער קאפ, און אזוי פיעל פרויען, וויפיעל ער האט געקאנט קויפען אדער גנב'ענען, און קינדערלעך אין פראפארציע צו די פרויען.

דאן איז עס געווען די צייט, ווען א מאן האט געמיינט מיט רעכט זאגען, דאס די ערשטע, דאס הייסט, זיין גרעסטע פליכט, איז צו זיין פאמיליע. דאן איז קיין העכערער מענשליכער פערהעלטניס ניט געווען. עס איז דאן נאך ניט געווען קיין געזעלשאפט, קיין נאציאן. עס איז ניט געווען קיין בירגערליכע פליכט. די פאמיליע איז געווען דאס העכסטע.

דאס איז געווען לאנג, לאנג צוריק. יענע ארימע, קליינע, נאקעטע וועלטעל, קוים בעשפרינקעלט מיט פאמיליען, האט פלאץ געמאכט פאר אונזער רייכע וועלט, וועלכע איז געדיכט בעפעלקערט מיט נאציאנען. און ענדליך הויבען מיר אן צו זעהן א צייט, ווען אפילו ד א ס וועט ווערען א פערגאנגענהייט, און די גאנצע מענשהייט, גלאט צונויפגעוועבט, וועט פערנעהמען די ערד. און דארום דארפען מיר נור הייליג האלטען דאס העכסטע, ארבייטען פאר דאס העכסטע. עס איז די העכסטע פליכט, וואס קומט צוערשט. א מאן'ס ערשטע פליכט איז צו דער וועלט — צו דער גאנצער מענשהייט — און דאס זעלבע איז אויך א פרוי'ס פליכט.

שטעלט אייך פאר, אז איהר האט א וואהרהייט, א גרויסע ווערטהפולע וואהרהייט, וואס זאל זיין פון גרויס נוצען צו דער גאנצער מענשהייט. און שטעלט אייך פאר, דאס אויב איהר רעדט ארויס דיזע וואהרהייט, וועט דאס פערבלענדעטע פאלק אייך טוידטען און וועט פערניכטען אייער פאמיליע.

דאן שטעלט אייך פאר, אז איהר האט א ליגען, אן אנגענעהמען, א פראפיט־ברענגענדען ליגען, אבער פון א טוידטליכער סכנה פאר די גאנצע מענשהייט. אויב איהר וועט ארויסריידען דיזען ליגען, וועט דאס פערבלענדעטע פאלק אייך עהרען און בעלוינען, און אייער פאמיליע וועט לעבען אין וואוילטאג. וואס איז אייער פליכט? ארויסצורייד[ען] דעם ליגען און דינען אייער פאמיליע, אדער ארויסצוזאגען דעם אמת און דיענען דער וועלט?

פון וואנען נעהמען מיר עס, דאס די פליכט צו דער פאמיליע איז די וויכטיגסטע? אלע אונזערע גלחים און דרשנים זאגען אונז, דאס אויב א מענש איז נור גוט צו זיין פאמיליע, איז ער שוין צוליעב דעם אליין א גוטער בירגער, און אונזער גאנצע געזעלשאפט וועט צוליעב דעם זיין גוט־אפ. ווארום גלויבען מיר עס אלעם אזוי לייכט? (דער ענטפער אויף דעם איז, דאס מיר האבען געהאט אזוי פיעל פראקטיקע אין גלויבען און אזוי ווייניג פראקטיקע אין דענקען).

פראבירט נור אונטערזוכען די נאציאנען פון דער וועלט, און זעהט איהר אליין, אויב דער ה י י מ י ש ע ר מענש איז טאקי נויטיוענדיגער ווייזע דער בעסטער בירגער? דער נאבעלסטער בירגערטהום, וואס די וועלט האט ווען געזעהען, האט געבליהט פאר א קורצער צייט אין דעם אלטען א ט ה ע נ ס. אבער דיזע גרויסע א ט ה ע נ ע ר האבען די בירגערליכע פליכט געשטעלט פיעל, פיעל העכער ווי זייערע פאמיליען־פליכטען.

אין כינא אבער האבען מיר די אמת'ע פאמיליען־פערגעטערונג, און בירגערליכקייט איז דארט קוים בעקאנט. צו ליעבען און דינען דער געזעלשאפט איז העכער, ווי צו ליעבען און דיענען דער פאמיליע. איינער קען זיין א בעגליקער פון דער גאנצער מענשהייט און אליין גאר ניט האבען קיין פאמיליע.

די רעליגיאנען פון דער וועלט בעטאנען אזוי שטארק די פליכט צו דער פאמיליע, און מעהר פון אלע טהוט עס די קריסטליכע רעליגיאן, וועמעס גרינדער האט גאנץ אויסדריקליך אבגעלייקענט זיין פאמיליע, און האט געזאגט: „איך בין געקומען צו מאכען קריעג צווישען פאטער און זוהן, טאכטער און מוטער, און דעם מענשענס פיינד וועלען זיין די פון זיין אייגענער הויזגעזינד“. מערקט אייך, אז דאס איז די יונגע, וועלכע פיהרען מלחמה מיט די אלטע צוליעב דעם נייעם אמת.

דער גרינדער פון דער קריסטליכער רעליגיאן האט געפרעדיגט מענשען־ליעבע און ניט פאמיליען־ליעבע; די ליעבע צום שכן, די ברידערליכקייט פון די מענשען. ער האט קיינמאל ניט געזאגט: „א מאן'ס ערשטע פליכט איז צו זיין פאמיליע“, און אפילו ניט דער פרוי'ס פליכט.

ניין, דאס קען מען ניט געפינען אין קיין גרויסע רעליגיאן. דיזע מיינונג קומט פון די פינסטערע בארבארישע צייטען, און זי איז צו אונז געקומען, ווי אן אונטערירדישער שטראם, דורך דער רעליגיאן פון די אידען, דאס הייסט, נאך איידער זיי האבען בעגריפען די וואהרהייטען, וואס משה און אברהם האבען זיי געגעבען.

זעהט אברהם'ען פערלאזענדיג זיין ווייב, זיין קינד, און פערטיג צו קוילענען אן אנדער קינד זיינעם, דער איינציגער הערשער אין זיין פאמיליע. דיזע געוואוינהייטען קומען פון אן אלטערטהום, אין פערגלייך מיט וועלכען די אידישע רעליגיאן איז זעהר מאדערנע. אבער די אידישע רעליגיאן, גרויס ווי זי איז געווען, האט ניט געקאנט בעזיגען דיזען אלטען מנהג. די פאמיליע איז פאר די אידען געווען אימער וויכטיגער, ווי די גאנצע געזעלשאפט. און אזוי איז עס נאך ביז היינטיגען טאג.

און מיר, אין אונזער בלינדקייט, ווייזען אן אויף „דעם שעהנעם פאמיליען־לעבען“ ביי אידען, אזוי ווי אויף עפעס ערהאבענעס. עס איז שעהן! עס איז גוט, אזוי ווייט ווי עס געהט, אבער אויב מיר זאלען זיך ניט ענטוויקלען צום בעגריף פון א העכערער פליכט, וועלען מיר אויך ווערען בלויז א ראסע, אבער קיין געשלאסענע נאציאן, א מיליאן פאמיליעס אבער קיין געזעלשאפט.

דער צוועק פון מענשליכקייט איז ניט ווייניגער, ווי אן אלוועלטליכער פרידען און אן אלגעמיינער לעבען אין גערעכטיגקייט. אן ארגאניזאציאן אזוי גרויס, ווי די וועלט.

צוליעב דעם מוזען אונזערע מענשליכע פערהעלטניסע זיך אלץ מעהר און מעהר אויסברייטען. זעלבסט־אינטערעסען, פאמיליען־אינטערעסען, נאציאנאלע אינטערעסען — זיי אלע מוזען מאכען פלאץ פאר דעם ו ו ע ל ט־אינטערעס, וועלכער אליין קען פערזיכערען דעם גראטעטנעם וואוקס פון אלע זיינע קלענערע טהיילען.

דער פערזענליכער אינטערעס איז ביין סאמע דעק אין אונזער ארדנונג פון דער מענשליכער פליכט. די פאמיליע קומט נאכהער, דאס הייסט, זי איז נעבסט צום דעק. אונזער אלגעמיינער טעות אין דיזער פראגע איז עס שולדיג אין די אלע עפענטליכע פלאגען, פון וועלכע מיר ליידען אזוי היינט צו טאג.

אט איז א רויבער, א ליבענדער, א פריינדליכער, טריי צו זיין פאמיליע, אבער ער פערלייקענט זיין פליכט צו דער געזעלשאפט; ער בערויבט איהר, אום צו דיענען דער פאמיליע.

אט איז א פלייש־צושטעלער, וועלכער פיהרט זיין געשעפט מיט דעם געדאנק, דאס מיט וואס מיליאנען מענשען וועלען זיך אנעסען, איז ניט זיין עסק — דאס ער דארף נור מאכען געלד, און פערזארגען זיין פאמיליע.

ער מעג זיך זיין א וואונדער־גוטער מאן און פאטער, א זוהן און א ברודער, אבער ער איז א פערברעכער, אלס בירגער.

אט איז א סקעב, אן עהרליכער ארבייטער אפשר. קלוג, פלייסיג, שפארזאם, ניכטער, ווערט ניט קיין מיטגליעד פון דער יוניאן ווייל, ווי ער אליין ערקלערט עס: „איך בין פאר מרס. סקעביכע און בייבי“. ער דענקט, אז זיין ערשטע פליכט איז צו דער פאמיליע.

ער דענקט, אז עס וואלט געווען ווירקליך אונגערעכט פון איהם צו ריזיקירען זיין פאמיליע עפעס צו שאדען מיט דעם צוועק צו פערבעסערען די לאגע פון אלע ארבייטער און זייערע פאמיליען

און דא איז, וואו ער מאכט זיין פעהלער. דורך זעלבסט־אפפער און דורך דורך די אויפאפפערונג פון דער פאמיליע, האט דער לאנגער קאמפף פון דער טרייד־יוניאן־בעוועגונג אויפגעהויבען די ארבייטער־ווידזשעס, פארקירצט די ארבייטער־שטונדען, האט געוואונען א פונק פון גערעכטיגקייט פאר די ארבייטער; און דער מאן, די פרוי און דאס קינד זיינען איצט בעסער אב צוליעב דיזע אויפאפפערונג.

דער אנדערער אופן — יעדער מאן אליין פאר זיין פאמיליע — איז דער אופן פון דעם בארבאר. און דער בארבאר איז ווירקליך גאר ניט בעסער אב.

א טויזענד מענער, שטעהענדיג צוזאמען פאר א טויזענד פאמיליען, זיינען א בעסערע בעשיצונג, ווי ווען יעדער בעשיצט זיין אייגענע פאמיליע.

די טרייד־יוניאן מאכט פעהלערען, און אזוי מאכט אויך די גאנצע געזעלשאפט. אבער נאך אלעמען איז עס א העכערע פארמע פון ארגאניזאציאן. די בלוט־פערוואנדשאפט איז דא אי ביי אונז אי ביי די חיות, אבער די פערוואנדשאפט פון א ספעציעלען געזעלשאפטליכען פערהעלטניס איז דא נור ביי מענשען. מיר קענען לייכט ארויבערגעהן די זינד פון די מענער אין דיזער הינזיכט ווייל, נאך אלעמען, זיינען עס געווען מענער, און נור מענער, וועלכע האבען זיך אויפגעהויבען איבער די פיזישע פערוואנדשאפט, און האבען אונז געגעבען דאס, וואס מיר האבען פון מענשליכע פערהעלטניסע. יאהרהונדערטע נאך יאהרהונדערטע איז די אמת'ע וועלט געוואקסען, מענשליכע פעהיגקייטען האבען זיך ענטוויקעלט, סאציאלע אינסטיטושאנס זיינען געווארען אלץ ברייטער און טיעפער, און די פרויען האבען געהאט נאר א קנאפען חלק אין דיזער ארבייט.

איהר וועט געפינען פאטער, מוטער און קינד אין אפריקא, עגיפטען, טערקיי, כינא, רוסלאנד און אין פאטאגאניען — וואו די מענשהייט עקזיסטירט. נור אין אפארמע עטוואס איבער דאס צוואמענלעבען פון דער סמאדע, געפינט איהר אין אזא אדער אין אן אנדער פארמע. די פאמיליע, און

דארט איז אויך דא די היים. אבער ביז איהר האט צו דעם צוגעלייגט דעם שאפ, די סקוהל, די עפענטליכע געביירע, דעם פאסט־אפיס, ביז דאן געפינט איהר דארט ניט קיין פארטשריט און קיין ציוויליזאציע.

און מיט דעם פארטשריט פון דער ציוויליזאציע, נעהמט יעדער מאן אין זיין בלינדהייט וויפיעל נור ער קען פון די פרוכט פון דער ציוויליזאציע, רייסט זיי אב און טראגט זיי אוועק אהיים. דארט זיצט די פרוי גאנץ צופרידען עס צו צו נעהמען. און וואס מעהר זי זאמעלט אן בעקוועמליכקייטען אין דיזען ווארימען פלאץ, דאס פעסטער האלט זי זיך ביי איהר אלטער אידעע פון היים־פערגעטערונג.

זי איז א „גוטע ווייב", מיינט עס, אז ניט נור איז זי גוט און פרום און האט ליעב נור איהר מאן, נור דאס זי איז אויך א גוטע הויז־דיענסט, אדער אליין אדער מיט דער הילף פון אן אנדער פרוי.

זי איז א „גוטע מאמע" — מיינט, דאס זי גיט אב זיך אין גאנצען פאר די אויפפאסונג פון איהרע קינדער, און מען וויל גאר ניט וויסען, צי זי פאסט פאר דיזע אויפגאבע.

וואס נאך איז זי?

מעהר גאר ניט! זי וויל גאר ניט זיין עטוואס אנדערעס. זי טרוימט גאר ניט, דאס זי דארף זיין עטוואס אנדערעס. זי גלויבט עהרליך, דאס ערשטע און לעצטע און איינציגע פליכט פון א פרוי איז „צו האלטען הויז" און אויפציהאדעווען קינדער.

דיזער גלויבען איז טיעפער, ווי איהר רעליגיאן. עס איז איהר רעליגיאן. זאל די רעליגיאן פון די מענער ווערען געענדערט און וואקסען, ווי עס וויל זיך. עס איז ניט איהר עסק. די פרויען זיינען צופרידען צו בלייבען געטריי צו זייער קליינעם צירקעל פון פליכטען, וועלכער האט זיך ניט געענדערט אין צעהן טויזענד יאהר. נור איצט, אין א קורצען יאהרהונדערט, האבען די פרויען אנגעהויבען צו ערוואכען, צו זעהען, דאס זיי זיינען אויך מענשען, דאס אויך זיי זיינען א טהייל פון דער וועלט, און דאס אויך זיי האבען גרויסע פעראנטווארטליכקייטען אין איהר.

אבער וואס פאר א קאמפף! וואס פאר א גרויסע אפאזיציאן! ניט נור פון מענער, וועלכע זיינען אזוי לאנג געווען „די וועלט", דאס די פאדערונג פון דער פרוי צו זיין א טייל פון איהר, זעהט זיי אויס משונה'דיג, נאר אפילו די פרויען אליין — די ארימע, פון זארג פער'צרה'טע, פון דער היים אונטערדריקטע בעשעפענישען — וועמעס אויגען, פון לאנג געוואוינט צו א קליין, פינסטערען שטיקעל פלאץ, קענען גאר ניט זעהן אויסער די היים.

„די הויז־פרוי! די „אלטמאדישע פרוי"! ווי פעסט מיר האלטען זיך אן איהר, ווי מיר טרייען עס צוריקצוהאלטען דעם שנעל־פערשווינדענדען טיפ!

און מיר זיינען גאנץ עהרליך אין דעם. מיר גלויבען טאקי, די מייסטע פון אונז, דאס די וועלט מוז זיין אזוי שלעכט, ווי זי איז, ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, ווערענדיג בעסער, און די פרויען האבען גאר ניט וואס צו טהאן אין דעם, דאס זיי זיינען דא, אום צו האבען מענשען, אבער ניט צו זיין מענשען. און אזוי בויען מיר זיך א קליינע היים, אום צו לעבען אין איהר, צו עסען, צו שלאפען, אויפצוהאדעווען קינדער, צו ליעבען און צו קריגען זיך, צו זיין קראנק און צו שטארבען דארט, און מיר פערגעטערען עס!

מיר פערגעטערען די הויז, אין וועלכער מיר לעבען, ווייל מיר לעבען אין איהר! מיר פערגעטערען אונזערע אייגענע קערפערס און זייערע פערשיעדענע פראצעסען. מיר האלטען איין גאנצע "פרוי — און מעהר, אויב מיר פערמאגען עס — צו קאכען, ריין צו האלטען און צו דינען אונז, און מיר האבען איינגערעדט דיזע דיענסט, דאס עס איז איהר העכסטע און איהר איינציגע פליכט צו פערנעהמען דיזען פלאץ.

און זי גלויבט עס. זי איז אזוי פערדולט מיט יאהרהונדערטע פון הויז־שקלאפעריי, דאס זי האט בעגראבען זאגאר איהר „מוטערשאפט" אונטער איהרע הויז־פליכטען. מיר פאבען מיט א שעהנער פאהן, וועלכע מיר האבען א נאמען געגעבען „מוטערשאפט" איבער דעם פלאץ פון אונזער געצען־דיענסט. אבער ווען מיר וואלטען א מאל פערשטאנען צו שעצען דיזען ווארט, און בעגרייפען, וואס עס זיינען די הויכע פאדערונגען פון א מוטער, וואלטען מיר רויט געווארען צו שאנד, דאס מיר האבען אזוי לאנג געהאלטען אונטערטהעניג די מוטערשאפט צו דער הויז־ארבייט.

מיר זיינען אזוי צופרידען מיט אונזער היים־געטשקע, דאס מיר זעהען גאר ניט איין זיין אמת'ע ווירקונג אויף די מוטערשאפט. מיר בעמערקען גאר ניט, דאס א ראסע מאמעס, וועלכע זיינען גאר דיענסטען פון זייער פראפעסיע, האבען קיינמאל ניט פערשטאנען, ווי ריכטיג אויפצופאסען אויף זייערע קינדער.

דעם מוטערס אינסטינקט האבען מיר פערלארען צוזאמען מיט אנדערע אינסטינקטען, ווען מיר האבען אויפגעהערט צו זיין חיות, און דעם מוטערס פערשטאנד האבען מיר נאך ניט ענטוויקעלט.

דארום ווערען אונזערע קינדער, אנשטאט צו זיין א גרויסע, שטופענדע כוואליע פון דעם לעצטען פערבעסערטען סארט פון דער מענשהייט, געבארען און אויפגעהאדעוועט אין דער פינסטערער פערגאנגענהייט, אין דעם אלטען צושטאנד פון בארבאריזם, — אין דעם צייט־אלטער פון היים־פערגעטערונג.

אט ווערט א קינד געבארען. ער האט בעדארפט געשטעלט ווערען אין די לאגע, צו קענען לערנען טיעף און נאטירליך אין דיזע טהייערע יאהרען, ווען די איינדריקע זיינען אזוי דויערהאפט, דאס ער איז א מיטגליעד פון דער מענשהייט, דאס ער איז שולדיג זיין שטאדט, זיין לאנד, זיין וועלט די אלע פארטהיילע פון א ציוויליזירטען לעבען; דאס די פעהלערן פון אונזער צייט זיינען אונזערע אלעמענס און דאס מיר מוזען ארבייטען, אום ארויסצוואקסען פון זיי; דאס די שעהנקייט און זיסקייט פון אונזער לעבען איז אין אונזער געזעלשאפטליכען בעוואוסטזיין, און אין אונזער דיענען דער געזעלשאפט. דאס גאט איז אין מ ע נ ש ע ן; ניט בלויז אין דער פאמיליע ד ז ש א נ ס, נור אין דער מענשליכער פאמיליע, און דאס רעליגיאן מיינט די גרעסטע פערהעלטניסע פון מענשען צו מענשען.

אבער דאס קליין קינד הערט ניט און זעהט ניט פון דעם אלעם. ער ווערט געבארען און אויפגעהאדעוועט אין אן אטמאספערע פון פערזענליכקייט, פונקט ווי מיט טויזענדע יאהרען צוריק. ער האלט דעם טאטען און דער מאמען, ברודער און שוועסטער, זעהר גרויס, און די איבעריגע גאנצע וועלט פאר זעהר קליין. אבער מעהר פון אלץ האט ער פאר זיך דעם גרויסען בעשיינפערליכען לעסאן, זיין מאמע. ער זעהט, ווי זי פערברענגט איהר גאנצע צייט ביים אויווען, ביי דער נעה־מאשין, ביים וואש־טאב און מיט'ן בעזים, סיידען זי קען דינגען דיענסטען, און אליין זיצען ביים קארטען־טיש.

זי מעג זיך זיין א גוטע פרוי. און דאס איז זי מייסטענס. זי מעג גלויבען, אז איהר לאגע איז א גאנץ ריכטיגע, און גאר ניט וויסען, דאס זי טהוט די גרויזאמסטע אונגערעכטיגקייט געגען איהר קינד; דאס זי (די מאמעס און אלגעמיין) האלטען צוריק דעם וואקסען פון די קינדער פון דער וועלט.

און איצט לאמיר זיך פארשטעלען, דאס אנשטאט דעם ווארט „היים", שטעלען מיר אוועק פאר א ווייל דאס ווארט „וועלט". לאמיר, למשל, א ביסעל אויסברייטען אונזערע געוויסענס און זאגען זיך: „איך בין דא אין דער וועלט, א מיטגליעד פון דער מענשליכער פאמיליע. מיין ערשטע פליכט איז צו דיענען זיי, צו האלטען זיי בעקוועם און גליקליך, און צו העלפען זיי וואקסען. ווי, ווען מיר וואלטען דא אין אמעריקא געהאט איבער 15, 20 מיליאן שטארק אויפגעוועקטע מוטערס, וועלכע זאלען פערשטעהן זייער אלגעמיינע פעראנטווארטליכקייט, זייער אלגעמיינע פליכט און זייער אלגעמיינע מאכט. זעהט נור, וואס פאר א הויז־רייניגונג עס וואלט פארגעקומען! שטעלט אייך נור פאר דיזע טיפע, איינגעזונקענע ברוניעלער פון מוטער־ליעבע אויפהייבענדיג זיך, איבערפליסענדיג, בענעגענענדיג זיך און צוזאמישענדיג די וועלט מיט פרידען, האפענונג און גליק.

זיי וואלטען געליעבט אלע זייערע קינדער, און אלע מענער זיינען זייערע קינדער; זיי וואלטען אבגעראכט אלעס, וואס לעבען שאדען זייערע קינדער, און זיי וואלטען געזעהען צו האבען אלעס, וואס זאל העלפען זייערע קינדער. זיי וואלטען — אבער וואס איז די פעולה? — זיי קענען עס ניט. זיי האבען ניט די פעהיגקייטען.

עס איז זעהר שווער פאר א מח, וואס האט אימער געמאטערט זיך מיט דער פראגע, וואס מען מאכט היינט פאר דינער, זיך צו ערהויבען צו בעטראכטען די פראגע, ווי אזוי מען פערזיכערט די וועלט מיט ריינע נאהרונג. איהר קענט ניט מאכען פילאנטראפען און פילאזאפען, בירגער און העלדען פון אן ארבייטער־קלאס, פון א "הויז־דיענסטען קלאס פון פרויען." ניט אין איין טאג.

אבער די האפענונג פון דער וועלט איז אין זיי, און זיי וועלען די וועלט ניט אבנארען אין דיזער האפענונג. זיי האבען שוין אנגעפאנגען, און זיי וועלען זיך ניט אבשטעלען.

מיט דער צייט וועלען אונזערע פרויען זיך ארומזעהען, דאס מוטערשאפט קומט פאר די הויז־האלטונג, און דאס בירגערטהום איז וויכטיגער פון די ביידע.

א לאנד פון בירגער־מאמעס וואלט מעהר אויפגעטהאן פאר אונזערע קינדער, ווי א דוצען לענדער פון אלטמאדישע מאמעס. אונזער פערגעטערונג פון דער היים איז שטארק געקניפט מיט דער אידעע פון דיענען דעם קינד. אבער די מוטערשאפט פון דעם מענשליכען סארט בלייבט ניט ביים וויגעל. די קינדער ווערען געבארען אין דער היים, אבער זיי וואקסען אויף אין די גאסען, אין די סקולס. אונזער מוטערשאפט שטעלט זיך אב בעמעט ווי ביי דער וויגעלע. די וויגעלע מוז זיין ארומגעהאנגען מיט טייערע ליים, אבער די גאס מעג זיך זיין פייל און גיפטיג, פיי פיזיש, פיי מאראליש.

דאס איז אונזער היים. דאס איז, וואס פרויען זאלען ליעב האבען און דיענען און העלפען האלטען אין ארדנונג. עס איז ניט גוט, אז איין טהייל פון דער מענשהייט זאל ענטוויקעלט ווערען אהן דעם אנדערען, און אזוי שנעל, ווי די פרוי וועט עס פערשטעהן, וועט זי דערזעהען נאך פיעלע זאכען, וואס קענען זיין פון גרויסען נוצען פאר איהר. שארלאטע פערקינס גילמאן.

ני דע מאָפּאסאַן.

# פּאָטער און זוהן

(איבערזעצט פון י. בענעקיייט.)

ביין טיהר פון א פּאַרם־הויז, איינע פון יענע לאַנד־וואוינונגען, אין וועלכע אמאָל האָט געלעבט א גרויסער רייכער פּריץ און איצט א פּראָסטער פּארמער, וואָס איז געווען גוט אָפּ, זיינען עטליכע הינד ארומגעשפּרונגען, בילענדיג, ווען זיי האָבען דערזעהען די יאַגד־טאַשען, וואָס דער אויפּפּאַסער פון וואַלד האָט געטראָגען.

דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג פון דעם יאַגד־סעזאָן, און אין דעם הויכען, גרויסען זאַל האָבען די ה אָ ט א ס, פּאָטער און זוהן, מ. בערמאַנט, דער לעהרער און מ. מאנדרא, דער נאָטאַריוס, גענומען א ביס ברויט און א זופּ וויין, איידער זיי זיינען ארויס אויף דער יאַגד.

העדר האָטאָ, דער עלטערער, שטאָלץ אויף זיין רייכטהום, האָט זיך בעריהמט שוין אויף פריהער מיט די חיות און פויגלען, וועלכע זיינע געסט וועלען געפינען אין זיינע וועלדער. ער איז געווען הויך, שטארק, איינער פון יענע ביינערדיגע מענער, וואָס זיינען גאַנץ געוועהנליך אויפ'ן לאַנד, האַלב בויער און האַלב פּריץ, רייך, געשעצט און איינפלוסרייך. זיין זוהן סיזער האָט ער געגעבען א גאַנץ קארגע ערציהונג אויס מורא, אז ווען ער וועט זיין צו געבילדעט, וועט איהם ניט בעזאָנדערס שמעקען צו זיין א פּאַרמער... סיזער, הויך כמעט ווי זיין פּאָטער, נאָר א ביסעל דינער, איז געווען א גוטער יונג, געהאָרכזאַם און פול מיט אכטונג פאר די ווינשע און מיינונגען פון זיין פּאָטער.

מ. בערמאַנט, דער לעהרער, א פּעטליכער קליינער מאַן, פול מיט דינע בלויע אָדערען איבער זיין געזיכט, ווי די טייכלעך און טייכען אין א לאַנד־קארט, האָט געפרעגט:

— געפינען זיך דאָ האָזען?

— וויפיעל דו ווילסט, דער טהאָל איז פול מיט ויי— האָט געענטפערט העדר האָטאָ.

•

דאַן האָט זיך דער פּאָטער האָטאָ אויפגעהויבען. אַלע האָבען איהם נאָכגעטהאָן, גענומען זייערע ביקסען און פערלאָזען די הויז.

די הינד, פול מיט בעגעהר נאָך זייער רויב, האָבען אָנגעפאַנגען וואָיען און בילען. זיי האָבען אָנגעהויבען געהן אין דער ריכטונג פון טהאָל און דאָרט האָבען זיך די יעגער צושפּרייט אין אַלערליי ריכטונגען. פּאָטער האָטאָ, נעהענדיג רעכטס, סיזער, האַלטענדיג זיך לינקס, די צוויי געסט אין דער מיטען, און דער אויפזעהער נאָך זיי.

עס איז געווען דער ערנסטער מאָמענט, ווען אַלע האָבען ערוואַרטעט דעם ערשטען שאָס פון ביקס, ווען די הארץ קלאַפּט א ביסעלע שטארקער, און די פינגער טרייסלען זיך ביין דריקער פון דעם ביקס. מיט א מאָל האָט דער העדר האָטאָ אויסגעשאָסען, יעדער איינער האָט געסטאַפּט און געזעהען א פעלד־הון פאַלען אין א גרוב, הינטער א געדיכטען קוסט. די אויפגערעגטע ספּאָרטסלייטע האָבען אָנגעפאַנגען צו לויפען און שנעל זיינען זיי פערשוואונדען אין וואַלד.

גלייך נאָך דעם האָט זיך דערהערט א צווייטער שאָס.

— אהאַ! — ער האָט געמוזט אוראי פּאַקען א האָז אויך — האָט אויסגעשריען בערמאַנט.

אַלע האָבען געוואַרט, זייערע אויגען געצילעוועט נייגעריג צו די ביימער. דער נאָטאַר האָט צוגעלייגט זיינע הענד צום מויל און האָט אויסגעשריען: — האָסטו איהם?

העדר האָטאָ האָט ניט געענטפערט.

דאַן האָט זיך סיזער געווענדעט צו דעם וואַלד־אויפזעהער:

— געה און העלף איהם, דזשאָזעף. מיר וועלען דאָ וואַרטען.

דער אויפזעהער איז אוועקגעלאָפען צום בוים, און באַלד האָט זיך דערהערט א צושראָקענער אויסגעשריי:

— קומט אהער, עטוואָס האָט פּאַסירט.

יעדער איינער האָט אָנגעהויבען צו לויפען. העדר האָטאָ איז געלעגען און אונמאַכט. זיינע ביידע הענד האָבען ארומגעכאַפּט זיין בויך, פון וועלכען טראָפּענס בלוט האָבען געטריפט אויפ'ן גראָז. ווי עס האָט אויסגעזעהען, האָט ער א וואָרף געטהאָן זיין ביקס, אום צו נעהמען די פעלד־הון. דאַן האָט די ביקס אויסגעשאָסען א צווייטען מאָל און די קויל איז אריין אין זיין זייט.

זיי האָבען איהם ארויסגעשלעפּט פון דער גרוב, האָבען איהם אויסגעטהאָן, און האָבען דערזעהען א שרעקליכע וואונד. פערבינדענדיג די וואונד אזוי גוט, ווי זיי האָבען געקענט, האָבען זיי איהם אריינגעטראָגען אין שטוב און האָבען געשיקט נאָך א דאָקטאָר און א גייסטליכען.

ווען דער דאָקטאָר איז געקומען און האָט בעטראַכט די וואונד, האָט ער א טרייסעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, און אומקעהרענדיג זיך טרויעריג צו סיזער'ן, וועלכער האָט ביטערליך געוויינט, האָט ער געזאָגט:

— יונגער מאַן, די וואונד שיינט צו זיין א געפעהרליכע.

נאָכדעם, ווי מען האָט די וואונד איבערגעבונדען, האָט פּאָטער האָטאָ א באַוועג געטהאָן מיט די פינגער, געעפענט די אויגען, האָט זיך ארומגעקוקט מיט אן ערשטוינטען ווילדען בליק און האָט א מורמעל געטהאָן: „אך, גאָט, איך בין פערטיג", דאַן פּלוצלונג: „איך וויל רעדען צו מיין זוהן, אויב איך האָב נאָך צייט".

סיזער האָט געכליפּעט, ווי א קליין קינד, ווידערהאָלענדיג: „פּאָטער, פּאָטער! פּאָטער! פּאָטער!"

אָבער דער פּאָטער האָט געזאָגט אין א פעסטען טאָן:

— קום אהער, וויין ניט, זוהן, איך וויל דיר עפּעס זאָגען, זעץ דיך לעבען מיר. עס וועט ניט נעהמען לאַנג, און מיר וועט ווערען לייכטער. איהר וועט אינז ענטשולדיגען אויף א מינוט? — האָט ער געזאָגט זיך ווענדענדיג צו די אנדערע.

יעדער איינער איז ארויס, איבערלאָזענדיג דעם זוהן מיט'ן פּאָטער.

— הער, מיין זוהן, — האָט העדר האָטאָ געזאָגט — דו ביזט פיער און צוואַנציג יאָהר אַלט יעצט. אַלזאָ, קענסטו שוין וויסען אַלעס, און א חוץ דעם, עס איז ניט אזאַ גרויסע געהיימניס. דו ווייסט, אז דיין מוטער איז שוין זיעבען יאָהר טויט, און אז איך בין נור פינף און פערציג יאָהר אַלט. ווייסטו דאָס?

דער זוהן האָט געשטאַמעלט:

— יא, איך ווייס עס.

— עס איז שוין זיבען יאָהר נאָך דיין מוטער'ס טוידט. אַלזאָ, א מאַן, ווי איך בין געווען, קען ניט בלייבען קיין אלמן, ווען ער איז אין גאַנצען אַלט זיבען און דרייסיג יאָהר, קען ער?

דער זוהן האָט געענטפערט:

— ניין, ער קען ניט.

דער פּאָטער, שווערער אטהמענדיג, איז געוואָרען בלאַסער און מיט אויסגעצווינגענע געזיכטסציגע האָט ער אויסגעשריען: „אך, גאָט, ווי וועה עס טהוט!"

נאָכדעם האָט ער זיך אביסעל בערוהיגט און ווייטער געזאָגט:

— דו פערשטעהסט, אז א מאַן איז ניט בעשאַפען געוואָרען צו זיין אַליין, אָבער איך האָב ניט געוואָלט, אז דיין מוטער זאָל האָבען א נאָכפאָלגערין, ווייל איך האָב איהר פערשפּראָכען, אז איך וועל ניט — פערשטעהסטו?

— יא, פּאָטער.

— אַלזאָ, האָב איך גענומען א מיידעל, וועלכע וואוינט אין דייזען סטריט נומער 18 רייע דעל עפּאַרלאַן, אויפ'ן דריטען עטאַזש, צווייטע טיהר, פערגעס דאָס ניט, א מיידעל, וועלכע איז געווען זעהר פריינדליך צו מיר, פול מיט ליעבע און איבערגעבענהייט, אן אמת'ע פריי, פערשטעהסטו, מיין זוהן?

— יא, פּאָטער.

— אַלזאָ, אויב איך שטארב, בלייב איך איהר עטוואָס שולדיג — עטוואָס, וואָס זאָל איהר העלפען אין איהר ווייטערען לעבען.

— יא, פּאָטער.

— איך זאָג דיר, אז זי איז געווען א גוטע מיידעל, און ווען ניט די און די ערינערונג אָן דיין מוטער און די הויז, וואו מיר האָבען אַלע געלעבט צוזאַמען, וואָלט איך איהר געווים גענומען אהער און וואָלט מיט איהר געווים התונה געהאַט. הער, מיין זוהן, איך האָב געקענט מאַכען א צוואה, איך האָב דאָס ניט געטהאָן, איך האָב אויך ניט געוואָלט אזעלכעס אריינשרייבען. האָב קיין מאָל ניט צו טהאָן מיט אדוואָקאַטען, מיין זוהן, ווייל זיי וועלען דיך רואינירען. אויב איך בין רייך, איז עס ווייל איך בין קיין מאָל אין מיין לעבען געגאַנגען צו אן אדוואָקאַט, פערשטעהסטו, מיין זוהן?

— יא, פּאָטער.

— העד גוט. איך האָב ניט געמאַכט קיין צוואה. — איך האָב ניט געוואָלט, איך האָב געוואוסט, אז דו וועסט טהאָן, וואָס רעכט איז, דו האָסט א גוט הארץ. איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט, אז עס וועט קומען צו שטארבען, וועל איך דיר אַלעס דערצעהלען און וועל דיך בעטען, אז דו זאָלסט ניט פערגעסען אָן דער מיידעל, קאַראָלינע דאָנעט, 18 דע עפּערלאַן, דריטען עטאַזש, צווייטע טיר, פערגעס ניט. געה צו איהר באַלד, ווי איך וועל זיין טוידט, און מאַך עס אזוי, אז זי זאָל ניט פיהלען אזוי שטארק דעם פערלוסט. דו האָסט די געלד, דו קענסט עס טהאָן — איך האָב דיר איבערגעלאָזען גענוג. הער: אין מיטען דער וואָך קענסטו איהר ניט געפינען. זי ארבייט ביי מאַדאַם מאַריא. געה צו איהר דאָנערשטאָג, דאָס איז דער טאָג, ווען זי ערוואַרטעט מיך אימער. אָרימעס מערבען!! ווי זי וועט וויינען! איך זאָג דיר אַלעס, ווייל איך קען דיך גוט, מיין זוהן. ניט יעדער קען דערצעהלען אזאַ זאַך צו פרעמדע, אָדער צו א נאָטאַריוס, אָדער צום גייסטליכען. אַלזאָ, קיינער זאָל ניט וויסען פון דעם געהיימניס. פערשטעהסטו?

— יא, פּאָטער.

— שווערסטו מיר, דאָס צו טהאָן?

— יא, פּאָטער.

— איך בעט דיך, דרינגענד, מיין זוהן, פערגעס ניט.

— ניין, פּאָטער.

— א חוץ דעם, וועסטו שוין אַליין זעהען, דו וועסט שוין אַליין זעהען, זי וועט דיר ערקלערען. איך קען דיר ניט דערצעהלען מעהר. שווערסטו מיר?

— יא, פּאָטער.

— זעהר גוט, מיין זוהן, קוש מיך! לעב וואָהל! איך געה שטארבען, איך בין זיכער. זאָג זיי, אז זיי קענען אריינקומען.

סיזער, קלאָגענדיג און זיפצענדיג, האָט געקיישט זיין פּאָטער. דאַן, געהאָרכזאַם, ווי אימער, האָט ער געעפענט די טיר, און דער גייסטליכער איז ערשיענען אין א ווייסען באַר העמד, טראָגענדיג די הייליגע אייל. דער שטארבענדער האָט אָבער צוגעמאַכט די אויגען און ענטזאָגט זיי צו עפענען מעהר.

זיינע געדאַנקען זיינען איהם געווען גרינגער יעצט. ער האָט געקענט שטארבען אין פריעדען. ווארום זאָל ער מודה זיין אויף זיינע זינד צו די גאָט־שטראַפצעס, אז ער האָט נאָר וואָס זיך מודה געווען פאר זיין זוהן?

ער איז געשטאָרבען ארום האַלב נאַכט.

---

.2

די בעערדיגונג איז געווען דינסטאָג.

סיזער האָטאָ האָט פערבראַכט אין געוויין דעם גאַנצען טאָג, נאָך זיין פּאָטער'ס לייה. ער האָט ניט געקענט שלאָפען די גאַנצע נאַכט און האָט געפיהלט זעהר טרויעריג. צו דער זעלבער צייט האָט ער פון דעסטוועגען געקלערט, אז ער וועט מוזען געהן מאָרגען זעהן קאַראָלינע דאָנעט, וועלכע האָט געוואוינט אין 18 רי דע עפּערלאַן, דריטען עטאַזש, צווייטע טיר.

ער האָט געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען דער מיידעל'ס נאָמען און אדרעס, אזוי ווי איינער הזר'ט זיך איין א תפלה. אָם ענדע האָט ער די ווערטער ארויסגעזאָגט אומבעוואוסט, אזוי, אז זיי האָבען ענטהאַלטען אין זיך אַלעס, וואָס ער האָט געדענקט.

אויף מאָרגען פריה, ארום 8 איהר, האָט ער איינגעשפּאַנט זיין פערד און איז אָפּגעפאָהרען נאָך ראָוען, וואוהין ער איז געקומען אום 10.

נאָך דעם, ווי ער האָט אָבגעפּוצט זיין הוט, ראָק און שיך, האָט ער אָנגעהויבען צו זוכען מיט די אויגען די גאַס דע לע עפּערלאַן, ניט וואָגענדיג צו פרעגען, וואו דאָס איז. ער האָט געהאַט מורא, טאָמער וועט מען איהם דערקענען, און דאָס קען אויפוועקען אימעצענס פערדאַכט.

ענדליך האָט ער געפרעגט ביי א גייסטליכען. יענער האָט איהם געזאָגט, אז דאָס איז די צווייטע גאַס רעכטס. ביז איצט האָט ער זיך געפיהלט עפּעס ווי אין ספק. דיזען מאָמענט האָט ער געפאָלגט דעם טוידטען מאַן'ס פערלאַנג, ווי א חיה, אָהן ווילען, אָדער בעוואוסטזיין. איצט אָבער האָט ער זיך געפיהלט צומישט און ערנידריגט ביי דעם געדאַנק צו געפינען זיך — ער, דער זוהן — געזוכט צו געוויבט מיט דער פרוי, וועלכע איז געווען די קעבס־ווייב צו זיין פּאָטער. אָבער ער האָט געטראַכט: „איך האָב עס פערשפּראָכען מיין פּאָטער, און איך מוז דאָס טהאָן."

אזוי טראַכטענדיג, האָט ער אויפגע

**The Jewish Ladies Home Journal**

Published weekly by the

HEBREW EDUCATIONAL PUB. CO.

**A. Grayzel, Editor**

**M. Mansky, Mgr.**

129 Lafayette St. New York, N. Y.

Telephone 254 Franklin

**Subscription Price:**

One year.......$1.00 6 months....... .50c

Single Copy, 2c

Entered as Second Class matter April 7, 1913, at the Post Office at New York, N. Y., under the act of March 3, 1879.




זוכט די טהיר פון נומער 18, ער האט געפונען א פינסטערען טרעפ, ער איז ארויף דריי פלאר, בעמערקענדיג א טהיר, דאן נאך איינע, געפונען א גלעקעל און א ציה געטהאן.

די טהיר האט זיך געעפענט, און ער האט זיך געפונען געזיכט צו געזיכט מיט א יונגער פרוי, זעהר שעהן געקליידעט, א ברוינעטע מיט ראזע באקען. זי האט געקוקט אויף איהם מיט פערוואונדערטע אויגען.

ער האט ניט געוואוסט, וואס צו זאגען, און זי, ניט פערדעכטיגענד קיין זאך און טראכטענדיג, אז דער אנדערער דארף באלד קומען, האט זי איהם ניט געבעטען אריינקומען.

ענדליך האט זי געפרעגט:

— וואס פערלאנגט איהר, הערר?

ער האט א שטאמעל געטהאן:

— איך בין מ. האטא.

זי האט א שוידער געטהאן, איז געווארען זעהר בלאס און שטאמלענדיג, אזוי ווי זי וואלט איהם שוין קענען פון לאנג, האט זי געפרעגט:

— הערר סיזער?

— יא.

— נו, וואס?

— איך בין געקומען צו אייך פון מיין פאטער.

זי האט אויסגעשריען: —

— אה, מיין גאט! און האט זיך א ציה געטהאן צוריק, און ער האט געקענט אריין. ער האט פערמאכט די טהיר און איז איהר נאכגעגאנגען. דארט אין שטוב האט ער בעמערקט א אינגעל, 4 אדער 5 יאהר אלט, וואס האט זיך געשפיעלט מיט דער קאטץ, זיצענדיג אויפ'ן פלאר ביין אויווען, אויף וועלכע עס איז געווען א סך געשיר.

— זעצט זיך — האט זי געזאגט.

ער האט ניט געוואגט צו ריידען. זיינע אויגען זיינען געווען אנגעשטעלט אויפ'ן טיש, וואס איז געשטאנען אין מיטען צימער, געגרייט צום עסען. דריי פלעצער זיינען געווען צוגעגרייט: איינע פאר א קינד. ער האט געקוקט אויפ'ן שטוהל, אויסגעדרעהט מיט'ן רוקען צום פייער, טעלער, נעפקינס, גלעזער, א פלאש רויטען ווין. דאס איז געווען זיין פאטערס פלאץ מיט'ן רוקען צום פייער. מען האט איהם ערווארטעט. עס איז געווען זיין שטיקעל ברויט לעבען גאפעל, דאס הארטע איז געווען אראפגענומען, ווייל זיין פאטער האט געהאט שוואכע ציין. דאן, אויפהויבענדיג זיינע אויגען, האט ער דערזעהען זיין אייגענע בילד אויף דער וואנד.

די יונגע פרוי האט נאך אמאל א זאג געטהאן:

— וואס־זשע, הערר סיזער?

ער האט א קוק געטהאן אויף איהר.

דער צווייפעל, די אונגעוויסהייט האט איהר געמאכט נאך בלאסער... זי האט געווארט אויף אן ענטפער, איהרע הענד טרייסלענדיג זיך פון שרעק. דאן האט ער זיך אנגענומען מיט מוטה און געזאגט:

— מאדעמאזעל, מיין פאטער איז געשטארבען לעצטען זונטאג אויף דער יאגד.

זי איז פערשטיינערט געווארען און האט זיך ניט געקענט ריהרען, נאך אייניגע מינוטען פון שווייגען, האט זי מיט א פערשטיקטע שטימע פון שווייגען אויסגערופען:

— אה, עס איז ניט מעגליך!

דאן זיינען טרערען פלוצלינג געקומען צו איהרע אויגען און אויפהויבענדיג איהרע הענד, האט זי פערדעקט איהר געזיכט און האט אנגעפאנגען צו וויינען.

דאס קינד, שפיעלענדיג זיך אויפ'ן פלאר, האט אומגעדרעהט זיין קאפ; זעהענדיג זיין מוטער וויינען, האט ער אויך אנגעפאנגען צו וויינען, בעגרייפענדיג אז דער פרעמדער איז געווען די אורזאכע פון איהר טרויער. ער האט א שפרונג געטהאן צו סיזער'ן, אנגענומען זיין ראק און אנגעפאנגען איהם צו שלאגען מיט זיינע דיקע הענטלאך. פון דער פרוי'ס וויינען נאך זיין פאטער, און דעם קינד'ס פערטהיידיגען זיין מוטער, האט זיך סיזער געפיהלט זעהר שלעכט. זיינע אויגען זיינען פול געווארען מיט טרערען, אבער אום זיך אליין ניט צוצואווייגען, האט ער אנגעפאנגען צו ריידען, צו דערצעהלען אלע איינצעלהייטען פון דעם צופאל. זי האט געהערט מיט נייגעריגקייט, אונטערברעכענדיג איהם דא און דארט מיט אן אויסגעשריי פון שוידער: „אה, מיין גאט!" דאס קינד, דענקענדיג, אז די מוטער איז א ביסעל רוהיגער, האט אויפגעהערט צו שלאגען סיזער'ן, האט גענומען דער מוטער'ס האנד און האט זיך צוגעהערט, אזוי ווי ער וואלט פערשטאנען.

ווען סיזער האט געענדיגט זיין געשיכטע, האט ער געזאגט: „יעצט וועלען מיר איינארדנען קליינע זאכען, נאך מיין פאטער'ס פערלאנג.

— הערט, איך בין גוט אפ. ער האט מיר געלאזען א סך געלד, איך וויל ניט, אז איהר זאלט פיהלען נויטה אין עטוואס.

זי האט איהם שנעל אונטערבראכען:

— אה, הערר סיזער, ניט היינט. איך האב צופיעל אויף מיין הארצען, זאל זיין אויף אן אנדער טאג, ניט היינט. אויב איך נעהם דאס אן, איז עס ניט צוליעב מיר, ניין, איך שווער, אז ניט, דאס וועט זיין פאר דעם קינד. דאס געלד קען אוועקגעלייגט ווערען פאר איהם.

סיזער האט נ עטראפען, און האט שטאמלענדיג געזאגט, ווי אין זיך:

— אזוי, דאס קינד איז זיינס?

— יא, האט זי געזאגט.

דער יונגער האטא האט געקוקט אויף זיין ברודער און נאך א לאנגען שטילשווייגען, האט ער ווידער אנגעהויבען:

— אלזא, פריילין דאנעט, איך וועל געהן. ווען זאלען מיר ריידען וועגען דעם?

דאן האט זי געזאגט מיט א געבעט אין איהר שטימע:

— אה, געהט ניט אוועק, לאזט מיך ניט אליין מיט עמיליען, איך וועל ניט אויסהאלטען, איך האב יעצט קיינעם ניט, א חוץ מיין קינד. אה, ווי שרעקליך, ווי שרעקליך! סיזער, קומט צו זיך, דערצעהלט מיר, וואס האט ער געטהאן איידער ער איז געשטארבען.

געוואוינט צו פאלגען, האט זיך סיזער אוועקגעזעצט. זי האט זיך אויך געזעצט, און מיט דעם קליינעם עמיליען אויף איהרע קניע, האט זי געפרעגט איבער א טויזענד קלייניגקייטען וועגען זיין פאטער.

ער האט געפיהלט, אז די עלענדע פרוי האט געליעבט איהר פאטער מיט איהר גאנצען הארצען.

ווען ער האט איהר דערצעהלט, אז מען האט געקענט ארייגלייגען צוויי פינגער אין זיין וואונד, האט זי ווידער אנגעפאנגען צו וויינען.

סיזער, אויף איהר קוקענדיג, האט אויך אנגעפאנגען צו וויינען. און אזוי ווי טרערען מאכען ווייכער די הארץ, האט ער זיך אנגעבויגען צו עמיליען, וועמענס שטערען איז געווען נאהענט צו זיין מויל, און האט איהם א קוש געטהאן. די מוטער האט א מורמעל געטהאן: „עלענדעס קינד, ער איז א יתום יעצט".

— איך אויך — האט סיזער געזאגט און זיי זיינען געבליבען שטיל. דאן האט מיט א מאל דער פראקטישער אינסטינקט פון א הויז־ווירטהין אויפגעוואכט אין איהר און זי האט געזאגט:

(שלום פאלגט)

# נאבעלע ארבייט פון קאונסיל אף דזשואיש וואמען

(שלוס פון זייטע 1)

דער אנקעל האט געסטראשעט אז ער וועט די אגענטין פון דער סאסייעטי ארויסווארפען אויב זי מישט זיך אין זאכען וואס געהערען ניט איהר. ער איז אבער בעסער געווארען ווען מען האט איהם געגעבען צו פערשטעהן אז די פאליס וועט די זאך נעהמען אין האנד. דאס מיידעל געפינט זיך יעצט אין א בעקוועמע און גוטע היים.

אט איז א צווייטער פאל. א מיידעל איז געקומען צו א ברודער וואס איז אונפערהייראט. די שוועסטער איז צו איהם געקומען און ביידע שלאפען אין איין רום. דאס איז ניט שעהן, לייט קאנען ריידען, דאס איז ניט פאסענד ניט פאר דעם ברודער און ניט פאר דער שוועסטער. מען האט זיך ארייגעמישט און די זאך פערריכט, דאס מיידעל איז געבליבען אין די זעלבע הויז, מען האט אבער אזוי איינגעארדענט אז אין דעם צימער שלאפען יעצט צוויי מיידלעך ווערענד דער ברודער שלאפט אין אן אנדער רום.

אן אנדער פאל איז געווען מיט א מיידעל וואס מען האט פאר איהר געפונען ארבייט. זי האט אפגעארבייט א טאג און דער באס האט איהר אוועקגעשיקט. ער האט ערקלערט אז די יוניאן פאדערט אז זי זאל דא ניט ארבייטען ווייל זי איז קיין מעמבער אין די יוניאן. מיס סידי אמעריקאן איז אליין אוועק, האט אויסגעזוכט די בעאמטע פון דער יוניאן און פאר דאס מיידעל א יוניאן קארד ארויסגענומען. דאס מיידעל פערדיענט יעצט פיינע געהאלט.

די שווערסטע שטיקעל ארבייט וואס די סאסייעטי האט געהאט, האט דערציילט מיס אמעריקאן, איז געווען דער אראפברייגנגען א באי פון רוסלאנד צו א פאמיליע וואס געפינט זיך אין ניויארק. עס האט נעדויערט דריי יאהר שווערע ארבייט ביז מען האט דעם באי געקאנט ברייגנגען אהער.

דער פאמיליען פאטער איז אין ניו יארק אנגעקומען פריהער. דערנאך איז געקומען די פרוי מיט צוויי קינדער, א אינגעל פון ניין יאהר איז געבליבען צו הויז דערפאר וואס ער האט געהאט שלעכטע אויגען און מען וואלט איהם אהער ניט געקאנט ברייגנגען. ער איז אין די רוסישע שטעטעל געבליבען ביי א פעטער וואס איז אין גוטע אומשטענדען.

אזא פאל געהט אייגענטליך ניט אריין אין די טהעטיגקייט פון די סאסייעטי, מען האט אבער דעם פאל גענומען אין האנד אוים מיטלייד צו די ארעמע עלטערן. מיס סידי אמעריקאן האט געשריבען צום פעטער ער זאל דעם באי נעהמען צו א דאקטאר אין דייטשלאנד און איהם היילען די אויגען. דער פעטער האט געענטפערט אז ער וועט עס ניט טאן ביידען מען וועט איהם שיקען געלד פאר זיין מיה און טראבעל, אויך פאר דעם דאקטאר.

עס האט אנגעפאנגען א סדרה פון שרייבען בריף צו רבנים אין רוסלאנד, צו פילאנטראפען אין דייטשלאנד [illegible] דעם רעזולטאט אז דער באי איז גענומען געווארען פריהער נאך קעניגסבערג צו דאקטוירים, דערנאך נאך בערלין. ער איז אויסגעהיילט געווארען און איז געקומען אין ניויארק צו זיינע עלטערן. די זאך האט אבער גענומען דריי יאהר צייט. נאהענט פון הונדערט בריעף זיינען געגאנגען אהין און צוריק ביז די זאך איז אויסגעפיהרט געווארען.

דער פרינציפ פון די סאסייעטי איז אז די גרינע מיידעל זאל האבען א פריינד אין די פערטרעטער פון די סאסייעטי, די פערטרעטער פון די סאסייעטי געווינען דאס צוטרויען פון די גרינע מיידלעך. זיי לאזען זיך פיהרען פון זיי וויסענדיג אז זיי האבען אין זיי פריינד. זאגאר שפעטער, ווען די מיידלעך האבען חתונה און זיינען אין גוטע אומשטענדען, פערגעסען זיי ניט זייערע פריינד וואס זיי האבען געהאט אין נויט. פיעלע געלד קאלעקשאנס קומען אן דער סאסייעטי פון אזעלכע פרויען וואס זיינען אמאל פון די סאסייעטי בעפריינדעט געווארען.

אלעס ווערט געטאן צו בעוועגען די מיידלעך צו געהן אין איוונינג סקול זיך לעהרנען ענגליש. מיס סידי אמעריקאן האלט אז די הויפט טראבל אין אידישע הייזער איז דאס וואס די מאמעס קאנען ניט ענגליש און בלייבען ווילד פרעמדע צו זייערע קינדער. די מאמע בלייבט פאר זיי א גרינע און דער טאטע א קאריקאטורע וואס זיי זעהען אין מיוזיק האל. זי גלייבט אז ווען די מוטערס וואלטען קאנען ענגליש וואלט צו אזא צושטאנד ניט געקומען. די מוטערס וואלטען דאן געהאט א בעסערען איינפלוס אויף זייערע קינדער, אום צו זיין גוטע בירגער און ערציהען א גוטע פאמיליע איז די ערסטע זאך נייטיג צו קענען ענגליש. און וואס מעהר איז בעסער.

# די קונסט אויסצוקלייבען
אדער
# וועלכער מאן איז דער בעסטער

פראפעסאר
פאול מאנטאגאצצא.

איבערזעצט פון
בן בנימין

(פארטזעטצונג)

דער מארקיז פאר אקוואפרעדא איז דער אנדערער געווען, וואס האט זיך אין עממא'ן פערליעבט.

ער איז געווען א מענש, וואס קיינער האט אויף איהם א שלעכט ווארט ניט געקענט זאגען. ער איז ניט אויסגעלאסען געווען, האט ניט געטרונקען און ניט געשפיעלט. אבער צו דער זעלבער צייט האט אויך קיינער וועגען איהם א גוט ווארט געקענט זאגען. דאס איז געווען א מענש אהן הן, אהן געשמאק און אהן פארב. ער איז ניט געווען שלעכט, ווייל ער האט קיינעם קיין שלעכטעס געטהאן, איז געווען גוט ווייל ער איז וואלטהעטיג געווען.

אין גאנצען גענומען איז ער געווען א מענשליכער גיל. ער האט זיינע מיליאנען, וואס איז איהם פון זיין פאטער געבליבען, מיט איין פראנק ניט פערגרעסערט און ניט פערקלענערט. האט געלעזען די ביכער, וואס זיינען געווען אין דער מאדע, זומער איז ער אין די בעדער אדער אויף די בערג געפאהרען, פלעגט אפט אין טהעאטער געהן. פערקעהרען אין געזעלשאפט — מיט איין ווארט: ער האט געלעבט.

פון זיינע יוגענד ליעבשאפטען האט קיינער ניט געוואוסט. ער האט קיין מאל קיין אויפמערקזאמקייט געשיינקט צו פרויען, ער איז אבער אויך אונהעפליך ניט געווען.

פיעלע יאהרען האט ער א שעהנע קאמער־פרוי אין הויז געהאט, וועלכע האט אויך, ביי געוויסע געלעגענהייטען, די ווירטהין פון הויז געשפיעלט, אין וועלכע האט איהם פיליינט געהאלפען דעם אונפערהייראטעטען לעבען לייכטער איבער צו טראגען.

אלס ער איז אבער זעכציג יאהר אלט געווארען, אבוואהל נאך גוט ערהאלטען, מיט דער גאנצער קאפ אונגעפארבטע האאר, מיט אלע זיינע צייהנער אין מויל און נאך קרעפטיג גענוג, האט ער אנגעהויבען צו טראכטען, דאס ער איז איינער אליין אויף דער וועלט, האט קיין ברודער, קיין שוועסטער, קיין קאזין, קיין פריינד, קיין קינד, קיין ווייב, און האט ניט ווער עס זאל זיין פערמעגען ירשנ'ען, און וועמען זיין נאמען, זיין טיטעל איבערלאזען.

ער איז געווען אלט, אבער געזונד און פריש, און האט געוואלט, דעם אונטערשייד אין יאהרען און שעהנהייט, מיט זיינע מיליאנען אויסגלייכען.

און ער האט זיך אין עממא'ן פערליעבט. איך זאג פערליעבט, ווייל אזוי פלעגט ער עס אליין אנרופען, ווען ער פלעגט ביינאכט מיט זיך אליין רעדען.

ביז יעצט האט ער גאר קיין מאל געטראכט, זיך צו פערהייראטען, האט קיין מאל אויף יונגע מיידלאך געקוקט, און דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס ער האט מיט ליעבעס בליקען געקוקט.

זיינע אויגען זיינען אימער מיט גאלדענע ברילען פערדעקט געווען, דורך וועלכע ער האט זיינע בליקען געווארפען, און דיזע בליקען זיינען ניט אימער דיזעלבע געווען. אמאל צערטליכע, אמאל ליידענשאפטליכע און אמאל דורשטיגע.

אבער וואס פאר א בליקען זיי זיינען געווען, זיינען זיי צו עממא'ן ניט צוגעקומען, זיי האבען איהר ניט גערירט.

ער פלעגט איהר ברייגגען בלומען, ביכער, באנבאנס, געזעלשאפט לייסטען, און זי פלעגט די אלע זאכען פון איהם אנעהמען, ווי פון איהר פאטער, און פלעגט אפט זאגען:

וואס פאר א גוטער מענש דאס איז דער מארקיז אקוואפרעדא!

די ליעבע פון דעם אינזשעניער און די ליעבע פון דעם מארקיז זיינען מיט א מערקווירדיגע שנעלקייט געוואקסען.

אבער די ליעבע פון דעם מארקיז איז פיעל שנעלער געלאפען, ווייל די אלטע זיינען שטענדיג אונגעדולדיג. די יונגע אבער, ווי שעהמעוודיג זיי זאלען ניט זיין, קענען אבער זאכען איבער־שפרינגען, וואס די אלטע קענען עס ניט, און אזוי קענען די יונגע אין איין טאג אניאגען וואס זיי האבען אין א גאנצען מאנהייט פערנאכלעסיגט.

איך ווייס ניט, אויב רינאלדיני האט־דעם שפרונג געמאכט, אדער עפעס איין אנדער זאך האט זיך געטראפען. איך ווייס אבער, דאס אין א געוויסען טאג האבען זיי זיך ביידע אויף איין פונקט אנגעטראפען.

דער מארקיז פאן אקוואפרעדא האט אין א זעהר שעהנעם בריעף עממא'ס פאטער אום איהר האנד געבעטען.

און גראדע אין דעם דעם זעלבען טאג, אלס דער אינזשעניער רינאלדיני איז אבענדס מיט עממא'ן אליין אין זאל געזעסען, האט ער איהר מיט א ציטערענדע שטימע געפרעגט, אויב זי וויל מיט איהם דעם לעבען טהיילען.

עממא האט מיט דער גרעסטער רוהיגקייט געענטפערט:

— פארלויפיג וויל איך ניט הייראטען.

עממא'ס פאטער האט דעם מארקיז בריעף מיט דעם גרעסטען ערשטוינען געלעזען און האט איהם גלייך זיין פרוי איבערגעגעבען.

איך ווייס ניט, וואס עממא'ס פאטער האט מיט דער מוטער איבער דעם זעלטזאמען אנטראג גערעדט. איך ווייס אבער, דאס א טראגעדישער אונגליק, האט זיך אויף דיזער, ביז יעצט זא פרייליכע הויז, אראפגעלאזען.

דער דאקטאר, איז פאהרענדיג אויף א קאנסולטאט פון פלארענס נאך מארענא, פון הערין שלאג אין וואגאן פלוצלינג געשטארבען.

די שמערצען און דעם טרויער פון דער מוטער מיט דער טאכטער פערשפאר איך אייך צו שילדערען.

די ביידע פערליעבטע, האבען זיך גאר ניט געוואונדערט וואס זיי האבען קיין ענטפער בעקומען, און האבען אין די שמערצען פון דער פאמיליע אנטהייל גענומען.

וואס ענריקא אנבעטרעפט, האט ער נאך אלין געשריבען און זיין שרייבען דורכ'ן פענסטער איבער געשיקט, און האט זיך אלס דער דריטער פון דער פאמיליע בעטראכטעט אין דעם אונגליק און שמערצען פון דער פאמיליע טהייל צו נעהמען.

---

## איינער פון צווייא? אדער פון דריי? עממא האלט זיך אן עצה מיט א פריינדין און איהר מוטער.

דריי מאנאטען זיינען אוועקגעגאנגען, און ווי די מוטער, אזוי די טאכטער, האבען נאך אלין זייער אונגליק ניט געקענט פערגעסען, און געבויגען אין דרייען זיינען זיי מיט זייערע וואונדען אין הארצען ארום געגאנגען.

די מוטער האט דער טאכטער געוואלט צערשטרייען, און אין א געוויסען טאג, האט זי צו איהר פלוצלינג געזאגט:

— הער זיך איין, מיין קינד, איך וויל דיר מאכען לאכענדיג...

— דאס וועט דיר שווער אנקומען, מוטער.

— דער מארקיז פאן אקוואפרעדא, האט אום דיין האנד געבעטען...

— אונמעגליך! אין אזא צייט? האט ער גאר קאן דעספעקט ניט פאר אונזערע שמערצען? פאר אונזער אונגליק? דיינקט ער גאר ניט פון דעם טרויער יאהר, וואס וועט פיר מיר דעם גאנצען לעבען דויערן?

— ניין, מיין קינד, ער האט עס יעצט ניט געטהאן, זאנדערן א קורצע צייט בעפאר דער פאטער איז געשטארבען.

— גוט, וואס דו האסט עס מיר געזאגט, זאנסט וואלט ער די גאנצע אכטונג, וואס איך האב פיר איהם, אין מיינע אויגען פערלארען. אבער דער מארקיז איז דאך וועניגסטענס זיעבציג יאהר אלט.

— ניין בלויז זעכציג, און דעם אמת זאגענדיג, זעהט מען עס אויף איהם גאר ניט אן.

— אבער זעכציג יאהר, איז דאך אויך זעהר אלט. אבער אזוי ווי דו האסט מיר דאס דערצעהלט, וועל איך דיר אויך עפעס דערצעהלען... איינינע טעג בעפאר דער ארעמער פאטער איז געשטארבען, האט מיר דער אינזשעניער רינאלדיני זיין האנד אנגעבאטען.

— ווירקליך? און וואס האסטו איהם געענטפערט?

— דאס איך וויל נאך פארלויפיג ניט הייראטען.

— ער געפעלט דיר ניט?

— איך האב קיין מאל וועגען איהם געטראכט...

— עממא, זיי אויפריכטיג נעגען מיר, דו האסט מיר אימער די געהיימניסע פון דיין הארצען אנפערטרויט, איך האב אלע דיינע געדאנקען געוואוסט. פערטרוי מיר יעצט אויך, זאג מיר: ליעבסטו דעם יונגען ענריקא?

עממא איז רויטה געווארען.

— דו ליעבסט איהם, האט די מוטער האסטיג ארויסגערעדט. איך האב איהם זעהר אפט ביין פענסטער שטעהענדיג געזעהן, און ווי נאר ער האט בעמערקט, דאס איך זעה איהם, פלעגט ער אוועקגעהן. איך האף דאס דו האסט זיין ליעבע ניט

ארויסגערופען און האט איהם קיין מוטה צוגעגעבען. ער מעג זיך זיין א גאנץ פיינער יונגער מאן, וואס אין דעם צווייפעל איך גאר ניט, אבער ער איז נאך איין סטודענט...

— מוטער, ליעבע מוטער, איך בין נאך צו טרויעריג, אום ויענען חתונה האבען צו טראכטען. איך וועל דיר בעטען, לאָמיר יעצט וועגען דעם ניט ריידען, מיר וועלען וועגען דעם אין איניגע מאָנאטען ארום ווידער ריידען.

עממא האט די לעצטע ווערטער, מיט אזא טיעפען זעלענשמערץ, און צו גלייכער צייט מיט אזא ענטשלאָסענע ענערגיע אויסגעשפראָכען דאס די מוטער האט באלד נאכגעגעבען און דער געשפרעך האט זיך געענדיגט.

אלס עממא האט זיך אין איהר צימער צוריק געצויגען, האט זי זיך געפיהלט ווי פון א שטורם ווינד ארום געשליידערט, ווי אין א העלישען טאנץ מיטגעריסען, אלעס ארום איהר האט זיך געדרעהט, און עס האט זיך איהר געדוכט, ווי זי איז געצוואונגען, מיט צו טאנצען, מיט צו דרעהען זיך, און אין ריעזען טורמעל האט איהר אין די אויגען געשווינדעלט, איין מינוט האט זי געזעהן ענריקא, און באלד נאך דעם דעם מארקיז און ריינאלדיני, און אלע האבען זיך ארום איהר און מיט איהר געדרעהט, אלע דריי האבען צו איהר די הענד אויסגעשטרעקט, ווי זיי וואלטען איהר וועלען אוועקפיהרען פון דאנען... צוויי מענער האבען איהר גלייכצייטיג געוואָלט, און דער דריטער, דעם דריטען, ליעבט זי, מיט דעם גאנצען פייער פון איהר יוגענד.

עממא האט דיזע נאכט זעהר ווייניג געשלאפען, און איהר שלאף איז אויפגערעגטער און שטירמישער געווען ווי איהר וואך זיין. זי האט געפיהלט דאס זי מוז מארגען פריה, דער מוטער אלעס דערצעהלען, איהר ליעבע צו ענריקא מודה זיין, און בעטען דער מוטער זי זאל עס געבען צו פערשטעהן דעם אינזשעניער און דעם מארקיז.

אבער אויף מארגען פריה, האט זי דעם מוטה פערלארען, זי האט עס ניט געקענט, ווייל זי וועט דאך דער מוטער פון איהר געהיימער קארעספאנדענט אויך מוזען זאגען, איהרע צוויי זינד, וואס זי האט זיך אליין ניט געקענט מוחל זיין. און טאג און נאכט האט עס איהר געוויסען ווי צוויי פערגיפטעטע פיילען געפלאנט...

ניין, דאס האט זי ניט געקענט טהאן. מיט איין מאל דער מוטערס אכטונג צו פערלירען, וואס האט איהר ביז יעצט פאר אזוי אונשולדיג געהאלטען, גאר ניט פעהיג א זינד צו בעגעהן. ניין, זי וועט נאך שווייגען, אימער שווייגען !

אבער איהר הארץ איז פול געווארען, די געהיימניסע וואס זי האט דארט געהאלטען פערשלאסען, האבען איהר געשטיקט, געווארגען — און ווע מען זאל זי אנפערטרויען ? פאר וועמען איהר הארץ עפענען ?

זי האט געהאט א פריינדין, מאריא, מיט וועלכער זי איז צוזאמען אין שוהלע געגאנגען, צוזאמען געשטודירט, וועמען זי האט אנפערטרויט, אבוואהל זי איז מיט איניגע יאהר יונגער געווען ווי איהר פריינדין, אבער זי האט מיט צוויי יאהר צוריק שוין התונה געהאט און איז נאך פערוגיא ארויסגעפאהרען.

אנפאנגס פלעגט איהר מאריא צוויי אדער דריי מאל יעדע וואך שרייבען. עס איז טרוקענע בריעף געווען, זי פלעגט איהר פון איהר גרויסען גליק דערצעהלען. נאך דעם זיינען די בריעף זעלטענער געווארען, און נאך טרוקענער און קעלטער, און שוין א לאנגע צייט, ווי זי בעקומט שוין גאר קיין בריעף מעהר פון איהר.

ווי זעהט מען איהר, ווי שרייבט מען איהר ?

איהר הערצענס געהיימניס איז געווען אזעלכעס, וואס עס איז ניט צו שרייבען, נאר פון מויל צו מויל קען מען עס פערטרויען, איין אטהעם מיט דעם צווייטען זאל זיך פערשמעלצען, די הענד ארומגענומען און די ווערטער זאלען גאר דורך טרערען און מיט הערצליכע קיסע איבערגעשלאגען ווערען.

גאר אונערווארטעט האט עממא דורך פאסט א קארטע, מיט דעם פאלגענדען איינהאלט ערהאלטען :

הערצענס פריינדין !

— „מארגען פאהר איך ארוים אויף איניגע טעג פון פעריגיא, און אבענדס וועל איך ביי דיר זיין. שפרייט אויס דיינע ארעמס אום מיר צו דיין הארצען צו דריקען. איך בין דורשטיג נאך סימפאטהיע און זעהר פיעל מיטלייד.

דיין מאריא.“

און אויף מארגען אבענדס איז מאריא אין עממאס ארעמס געלעגען, איניגע מינוטען האבען זיי גאר ניט געקענט רעדען. זיי האבען זיך ווידער און אבער געקושט, געקוקט זיך אין די אויגען און געוויינט פאר שמחה און פאר צער.

עממא, וואס איז גליקליך געווען וואס זי וועט קענען דער פריינדין איהר געהיימניסע אנפערטרויען, האט באלד אויסגעפונען דאס איהר פריינדין איז געקומען, אום איהר איין אנדער געהיימניס, נאך א פיעל טרויעריגע, צו פערטרויען.

מאריא איז געווען אונגליקליך, זעהר אונגליקליך. זי האט גענומען דעם ווילען פון איהרע עלטערען, און גענומען דעם ראטה פון אלע איהרע פריינד, א יונגען סטודענט געהייראט, א סטודענט, וואס האט ניט שטודירט און דערצו נאך פון א זעהר נידעריגע, אונערענהאפטע פאמיליע. ער איז געווען שעהן, זעהר שעהן, און מאריא האט איהם געהייראטעט, מיט דעם גלויבען, דאס שעהנהייט און ליעבע זיינען די ריכטיגע מאטעריאל גליקליך צו מאכען.

אום צו צווינגען איהרע עלטערען זיי זאלען איינוויליגען צו דער הייראט, האט זיך מאריא אזוי קאמפראמאטירט, דאס זיי האבען קיין אנדער ברירה ניט געהאט און האבען געמוזט איינוויליגען, און זיי האבען איהר א קליינעם מיטגיפט מיטגעגעבען.

נאך דער התונה זיינען זיי ארויסגעפאהרען נאך פערוגיא.

קוים איז א יאהר אריבער, און זיי האבען זיך פלוצלינג ארומגעזעהן, דאס זיי האבען מעהר קיין געלד צום לעבען און וואס נאך ערגער, זיי האבען מעהר קיין ליעבע.

מאריא'ס מאן איז פון דער נאטור כאראקטערלאז געווען און קוים איז איהר קאפיטאל אויסגעגאנגען, און זיין ליעבע אפגעקאָשען און אויסגעוועבט געווארען, האט ער שוין מעהר קיין געפיהל פיר זיין יונגער פרוי געהאט און האט איהר אנגעהויבען צו האסען. יערען טאג פלעגט ער עפעס אנדעריש אויסגעפינען צו וואס זיך צו צו טשעפען און איהר א סצענע צו מאכען.

די פהיזישע ליעבע פלעגט זיי נאך מאנכעס מאל צוזאמען ברייגגען, פלעגען זיך איבערבעטען, און פלעגען זיך א טאג גליקליך פיהלען, אבער ניט מעהר ווי א טאג. די ארעמקייט פון איין זייט און דער גראבער כאראקטער פון איהר מאן פון צווייטען זייט האט קיין גליקס שטראהלען אין זייער הויז ניט צוגעלאזען.

דאס לעבען וואס מאריא האט פערבראכט אין פערוגיא, איז געווען א גיהנם, און זי איז נאך פלארענס געקומען, אום ביי איהר פריינדין עממא טרויסט צו זוכען און פון איהרע עלטערן א ראטה צו קריגען.

אלס מאריא האט איהר טרויעריגע ערצעהלונג געענדיגט, האט עממא אנגעפאנגען איהר הארץ אויס צו ריידען, און אלעס וואס זי האט ביז יעצט געהאט פערשטיקט אין הארצען האט זי פאר איהר פריינדין אויסגעגאסען.

אבער מאריא האט איהר גאר ניט געלאזען ענדיגען און איז איהר האסטיג אין די רייד אריין געפאלען :

— עממא, קלעהר גאר ניט, און האב גלייך התונה מיט דעם מארקיז פאן אקוואפרעדא !

— אבער איך ליעב דאך איהם ניט, ער איז דאך א מאן פון זעכציג יאהר ? ווי קען איך עס...

— ווייס איך וואס דו זאגסט, וואס איז דער אונטערשייד ? ער בעזיצט מיליאנען און וועט דיר גליקליך מאכען. דו וועסט אין קארעטען פאהרען, זומער פאלאצען בעזיצען, אין די בעדער פאהרען און לוסט רייזען מאכען. ער וועט דיר פיעלע זאכען מוזען פערצייהען אום געגען דיר און געגען דער וועלט אלס העפליכער קאוואליער צו גילטין, און וועט שטענדיג טהאן דאס וואס דו וועסט פערלאנגען... אום גאטעס ווילען, פאלג מיין עצה און הייראט דעם מארקיז, און דאן, דאן, וועסטו מארקיזע זיין, וועסט אויף דיין עקיפאזש, אויף דיינע טאשענטיכער און איבעראל דיין הערב, דיין קראנע האבען, מען מוז דאס אלעס אין אנבעטראכט נעהמען.

— מאריא, דו שפאסט פון מיר, דו לאכסט מיר אויס. וואלסטו איהם געהייראטעט, ווען דו וואלסט נאך א מיידעל געווען ?

— געוויס, און גלייך, ווען ער וואלט אפילו זיבציג יאהר אלט געווען !

— מאריא, מיר גרוילט דאס צו הערען, איך שרעק זיך פאר דיר ! דו בינסט גאר ניט דיזעלבע וואס געווען, דאן ווען מיר זיינען ביידע אין שוהלע געגאנגען, און מיר פלעגען פערטרויליך ריידען, אונזער צוקונפט זיך פארשטעלענדיג, דאן האסטו אנדערש געדיינקט ווי יעצט.

— יא, מיין טהייערע, דאן איז נאך מיין הארץ פול מיט פאעזיע געווען. דאן האב איך געטראכט, דאס מען מוז יענעם מאן הייראטען, וועמען מען ליעבט. דאן האב איך געגלויבט, דאס דער פאמיליען לעבען, אהנע ליעבע איז איינפאך פראסטיטוציאן, דאס די ליעבע אליין איז גענוג גליקליך צו מאכען. אבער יעצט, יעצט נאך צוויי יאהר ביטערע ערפאהרונגען דיינק איך אנדערש.

(פארטזעצונג פאלגט)







# סטיילס און פעשיאָנס

## סעמי פרינצעס דרעסס.

מיט 2 פיעס סקוירט און אַ יאַוק אין די בעק.



8145 Semi-Princesse Gown, 34 to 42 bust.

דיעזער פעטערן נומער 8145 איז געשניטען אין סייזעס פון 34 ביז 42 באַסט מעזשור.

פאַר אַ מיטעל סייז פאָדערט וואַארע 6 יארד 27 אינטשעס אָדער 36 אינטשעס ברייט. מיט ¼ יארד וועלוועט פאַר'ן קאַלער און קאַפס, און 1 יארד ריבאָן 8 אינטשעס ברייט פאַר'ן גוירדעל.

אום צו קריגען דיזען פעטערן שיקט אריין אין אָפפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אָן דעם נומער פון פעטערן און וואָס פיר אַ סייז איהר ווילט.

## סעמי פרינצעס דרעסס.

פאַר קליינע פרויען און מיידלאך פון 16 ביז 18 יאָהר.

מיט אַ 2 פיעס סקוירט מיט אָדער אָהן אַ פעפלום, סליוום און שעמיזעט.



8150 Semi-Princesse Dress for Misses and Small Women, 16 and 18 years.

דיעזער פעטערן נומער 8150 איז געשניטען אין סייזעס פאַר מיידלאך פון 16 ביז 18 יאָהר.

פאַר אַ 16 יאָהר סייז, פאָדערט וואַארע פאַר'ן דרעסס 6¼ יארד — 27 אינטש ברייט. 1½ יארד לייס ; 6¾ יארד באַנד און ⅝ יארד — 18 אינטש ברייט, פאַר שעמיזעט.

אום צו קריגען דיזען פעטערן שיקט אריין אין אָפפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אָן דעם נומער פון פעטערן און וואָס פיר אַ סייז איהר ווילט.

## מיידעלעס דרעסס.

פון 8 ביז 14 יאָהר.

מיט אַ בטרייט סקוירט וועלכע קען זיין פלעיטעד אָדער געדערט. מיט לאנגע אָדער קורצע סליווס.



8148 Girl's Dress, 8 to 14 years.

דיעזער פעטערן נומער 8148 איז געשניטען אין סייזעס, פאַר מיידלאך פון 8 ביז 14 יאָהר.

פאַר א 12 יאָהר סייז, פאָדער וואַארע פאַר די בלאָוז 3½ יארד — 27 אינטש ברייט, און פאַר די סקוירט און טרימינג 3 יארד — 27 אינטש ברייט.

## 1 פיעס סקוירט.

מיט יאָוק און דרייפערי.

פאַר קליינע פרויען און מיידלאך פון 16 ביז 18 יאָהר.



8146 Skirt for Misses and Small Women, 16 and 18 years.

דיעזער פעטערן נומער 8146 איז געשניטען אין סייזעס פאַר מיידלאך פון 16 ביז 18 יאָהר.

פאַר אַ 16 יאָהר סייז פאָדערט וואארע 4¾ יארד — 27 אינטש ברייט.

די ברייט פון סקוירט אונטען איז 1 יארד מיט 10 אינטשעס.

אום צו קריגען דיזען פעטערן שיקט אריין אין אָפפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אָן דעם נומער פון פעטערן און וואָס פיר אַ סייז איהר ווילט.

אום צו קריגען דיזען פעטערן שיקט אריין אין אָפפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אָן דעם נומער פון פעטערן און וואָס פיר אַ סייז איהר ווילט.

THE JEWISH LADIES HOME JOURNAL

No............

Name ..........................................

Address ..........................................

Size ..........................................

## די מאכט פון פאריז צו דיקטירען מאדעס

(שלוס פון זייטע 3.)

כאפען ניט אן די פאנטאזי פון עולם. דערפאר אבער די מאדעס וואס ווערען יא געפעהלען, ווערען שנעל פערשפרייט, אבוואהל דער אנפאנג ווערט געמאכט פון אזעלכע פרויען וואס האבען קיין זיכערען שטאנד אין די הויכע געזעלשאפט. אין אזעלכע זאכען ווי מאדעס, שפיעלט די אריסטאקראטי א קליינע ראלע. עס איז נאר א פראגע פון שעהנקייט און אויב די אלגעמיינע מיינונג איז אז די נייע זאך איז שעהן, וועט עס אין א קורצע צייט אנגענומען ווערען אין פאריז און וועט שפעטער אוועקגעהן נאך אנדערע שטעדט.

די ערפינדער פון די מאדעס בענוצען לעבעדיגע מאדעלען צו זייער ארבייט. עס איז ניט א פראגע פון צייכנען א נייע זאך מיט א־פענסיל אויף פאפיר. דער ריכטיגער דעזיינער וועט געברויכען אלע זיינע מאטעריאלען אויף לעבעדיגע פיגורען, ווייל דאן זעהט ער גלייך וואס עס קליידעט און וואס ניט. פאריז האט א בעזונדערען פארצוג וואס עס האט ליאן ביי דער זייט. די בעריהמטע שטאדט ליאן מיט איהרע זייד פאבריקען. דער דעזיינער האט אלערליי זייד פאר זיך, אלעס וואס זיין פאנטאזי קאן נאר אויסטראכטען האט ער ביים האנד. עס טרעפט מאנכע מאל אז דער דעזיינער וועט געבען דעם זייד פאבריקאנט אן ארדער אויף עקסטרא זייד, געמאכט לויט א געוויסען פעטערן. עס וועט דויערען דריי מאנאט בעפאר ער וועט האבען די זייד, און וועט דערפאר זעהר טהייער בעצאהלען. דערפאר אבער איז ער צופריעדען וואס ער אליין האט די געוויסע ערפינדונג, קיינער קאן עס איהם דאן ניט נאכמאכען.

די מאדיסטען האבען ביי זייער האנד די בעסטע פאריזער קינסטלער וואס שטעלען זיי צו נייע אידעען און איינפעלע. די מעהרסטע פון די נייע זאכען זיינען דער רעזולטאט פון א געוויסע פארמע פון קונסט וואס האלט אן אין גאנג. קיינער פון די מאדיסטען וועט ניט וואגען צו מאכען גרויסע איבערקעהרעניסען אין די פעשאנס אויף אמאל. אויב זיי ציעלען צו א געוויסע זאך וועלען זיי איינפיהרען לאנגזאם. זייער פרינציפ איז אז יעדע גוט געקליידעטע פרוי וויל זיין געקליידעט עטוואס אנדערש ווי אנדערע פרויען, אבער ניט צופיעל אנדערש. דער אונטערשיעד טאר ניט זיין צו גרויס, ווען ניט וועט די ערפינדונג זיין א דורכפאל. די צייכנונגען פון דעם ארטיסט באקסט האבען געשפיעלט א וויכטיגע ראלע אין די לעצטע פעשאנס. אבער די צייכנונגען פון באקסט זיינען ניט אנגענומען געווארען ווי ער האט זיי געשאפען, ווייל ער האט געוואגט צופיעל, און די פרויען פון פעשאן האבען זיי צוריקגעוויזען. זיי האבען גענומען עטוואס פון באקסט אבער ניט צופיעל.

די זאך אויף וואס די גאנצע וועלט פון פעשאן איז געבויט איז די ליעבע פון פרויען צו זיין שעהן געקליידעט, צו טראגען קליידער פון פיינע קאלירען, וואס זאלען זיין אין הארמאני מיט זיי אליין. דא איז ניט א פראגע וועמען געפעלען צו ווערען, דאס איז ניט א מיטעל עטוואס צו ערדייכען דערביי, זיין פיין געקליידעט איז א ציעל פאר זיך אליין, דאס גיט א פרוי דעם גרעסטען פערגעניגען און קיין שטאדט קאן דיעזע פרויען פערגעניגען ניט צופרידענשטעלען אזוי ווי פאריז טהוט עס. פאריז איז דעריבער די הויפט שטאדט פון פעשאנס און פאריז לאזט יעדען מאל ארויס די ארדערס וואס פאר קליידער אדער העטס פרויען זאלען טראגען.

















לעזט און פערשפרייט די פרויען־וועלט.












פאטראָניזירט אונזערע אדווערטייזער

# צו אַלע פרויען אין ניו יאָרק

די הכנסת אורחים און אימיגראנט אייד סאסייעטי שיקט נעקסטע וואך ארויס אַ קאמיטע פון 100 אידען, יערען איד וועט טראגען אַ ספעשעל קאמיטע בערוש, און דיעזע הונדערט אידען וועלען מאכען אַ הויז־צו־הויז קענוועס און בעטען יעדע פרוי און יעדען מאן אין שטאדט צו ווערען אַ מעמבער אין הכנסת אורחים.

די בעאמטע פון הכנסת אורחים האפען, אז יעדער קאמיטע מאן וועט עמפ־פאנגען ווערען בכבוד, און אז קיינער וועט זיך ניט ענטזאגען צו ווערען אַ מעמ־בער אין דיעזען גרויסען אינסטיטושאן, וואס שפייזט דריי הונדערט פיער און זעכציג טעג אין יאהר דריי מאל אין טאג יעדען וואס קומט אהין שטילען זיין הונגער. און וואס אטענדעט צו טויזענדע און טויזענדע אימיגראנטען וואס קו־מען פון אלע גלות־לענדער צו מאכען אמעריקא אלס זייער נייע היים.

יעדער איד, מאן אדער פרוי, וואס מאכט אַ לעבען דארף און זאל ווערען אַ מעמבער אין גרויסען גאסט־הויז פון אברהם אבינו.

צו יערען מאלציים ווערען יעצט נעגרייט פיער מאל די טישען פון הכנסת אורחים און יעדער איינער וואס קומט הונגעריג גערט אוועק זאט און צופריעדען.

וואס אנבעלאנגט צו אימיגראנטען — איז נאך קיין יאהר ניט געוועזען אזא ביזי ווי יעצט. צווישען צעהן און צוועלף טויזענד אידישע עמיגראנטען קומען יעדען מאנאט. פון איין זייט דער באיקאט אין פוילען, וואס האט ארויסגעריסען פון מויל דעם לעצטען ביסען ברויט ביי הונדערטע טויזענדע אידען; פון דער צווייטער זייט די שרעקליכע רדיפות אויף אידען אין רוסלאנד און רומעניען, און די געוואלטיגע ארמוטה אין גאליציען — דיעזע אלע קאפיטלען פון אידישען גלות ברענגען קיין אמעריקא מיט יעדער שיף פרישע אידישע קרבנות, אויף וועלכע דער הכנסת אורחים גיט אכטונג ווי אַ טרייע מאמע אויף איינענע קינדער און לאזט זיי ניט אב פון אויג, ביז יעדער פערוואגעלטער איד ווערט אוועקגעשטעלט אויף אַ מעמר פרנסה.

די עמפלאימענט ביורא פון הכנסת אורחים איז אימער אזוי בעלאגערט מיט אידען וואס זוכען ארבייט, ווי די דייגינג רום מיט אידען וואס זוכען עסען און זעלבסטפערשטענדליך אז אלעס צו פיהרען ריכטיג ווי עס פאסט פאר דער גרעס־טער און רייכסטער אידישער געמיינדע פון דער וועלט, פאדערט זעהר פיעל געלד, און מיר שיקען דאריבער ארויס די קאמיטע פון הונדערט אידען מיט דער האפנונג אז זיי וועלען אונז שנעל שאפען אַ ריעזיגע צאהל נייע מעמבערס, וואס וועלען מיט זייערע קליינע דיוס אונז העלפען אין אונזער גרויסע ארבייט.

איהר קענט איינצאהלען דער קאמיטע אלס די ערשטע מעמבערס דיוס ווערט אריינגעפיהרט אין די הייליגע ביכער פון הכנסת אורחים, אלס שטענדיגער מעמבער לשם ולתפארת עולם. פערגעסט נים צו פארערען ביים קאמיטע מאן וואס וועט צו אייך קומען אַ רעסיט, און זעהט ער זאל האבען אונזער קרעדענשעל פון הכנסת אורחים, מיט'ן הכנסת אורחים זיעגעל.

**הכנסת אורחים און אימיגראַנט אייד סאסייעטי,** אפיס 229 און 231 איסט בראדוויי, ניו יארק. **לעאָן סאַנדערס,** פרעזידענט.